י. מ. ברענער.

# זומערנעכט.

קראקא 1912. — פערלאג „שולמית".

# אין גאַרטען.

פֿון לבנה־ליכט בעגאָסען, רוהט דער שעהנער גאָרטען, וואָס האָט צווישען זיינע געדיכטע ביימער, ווי אַריינגעכשופּט אַ קליין הייזאַלע און מיט זיינע סודות עס אַרומגעוועבט. נישט געזעהענע און נישט געהערטע בעשעפֿענישען, דאַכט זיך, פֿולען אויס די שמאָלע גאָרטענסטעטשקעס, ווייל אין דער אַרומיגער, טיעפֿער שטילקייט פֿיהלט זיך, לעבט עפּעס... עפּעס, וואָס איז פֿער׳כשופּ׳ט געוואָרען פֿון דער נאַכט־מלכה אין אַ נישט געזעהענעם לעבען... אַ צאַרטע מעלאָדיע הענגט אין די לופֿטען און דאָך הערט מען גאָרנישט... אַ וועלט פֿון געפֿיהלע פֿולט אויס דעם גאָרטען, וואָס זוכען נישט דעם וועג דורך דעם אויג אָדער געהער, נאָר קלאָפּען גלייך אָן אין האַרץ און זעהען זיך און הערען זיך דאַדורך נאָך שטאַרקער און טיעפֿער...

עפּעס ווי אַ בענקען, דאַכט זיך, גיסט זיך פֿון דעם בוידעם־פֿענסטערעל פֿון דעם גאָרטענהייזעל און מיט אַ בענקען ענטפּערט דער גאָרטען און שיקט זיין תשובה אויף די צאַרטע לבנה־שטראַהלען, וואָס קלאַפּען לייכט און ווייך צוריק אָן אין די זילבער־בעלייכטע שויבען...

אין מיטען דער טיעפֿער, פּערכשופּטער שטילקייט הערט זיך נור דאָס רוישען פֿון דער גאָרטענפֿאָנטאַנע, און דאָס קול דאַכט זיך אהערצוקומען פֿון אַנ׳אַנדערער וועלט...

עס עפֿענט זיך לייכט דאָס גאָרטענטהירעל.

עפּעס אַ געשטאַלט.

ווער וואַגט ?...

עפּעס אַ געשטאַלט ווי אַ שאָטען ריקט זיך אַריין און לאָזט זיך געהן דורך די שמאָלע סטעטשקעס.

די ביימער אין גאָרטען הייבען אָן רוישען, די פֿאָנטאַנע, רעדט העכער... אויף איינמאָל, ווי אַלעס ארום וואָלט זיך אָנגעהויבען צו פֿערשטענדיגען און פֿון עפּעס דערצעהלען...

דער אריינגעקומענער איז שטעהן געבליבען פֿאַר דעם הייזעל.



אלעס אַרום איז שטיל געבליבען ווי פריהער.

קען מען איהם דאָ אין גאָרטען ?...

ער שטעהט רוהיג, קוקט צום פענסטערעל און שווייגט.

ער שווייגט און דאַך, דאַכט זיך, האָט זיך דאָס בענקען פון גאָרטען שטאַרקער צעגאָסען און שטאַרקער אָנגעקלאַפּט אין די שויבען פון דעם קליינעם פענסטערעל...

ער קוקט אַרויף און שווייגט.

דאָס פענסטערעל מאַכט זיך לייכט אויף, אַ בלאַס פנים בעוויזט זיך און פערשווינדט.

דאָס פענסטערעל מאַכט זיך צוריק צו און נאָך אַ רגע קומט אַראָב אין אַ לייכטען, ווייסען נאַכטגעוואַנד אַ יונגע פרוי.

אַ לאַנג שווייגענדיג אומארמען.

זי: איך האָב געוואַרט.

ער: ליעבסטע!

זי: איך האָב געבענקט...

ער: איך האָב געפיהלט... דער גאָרטען דערצעהלט אַלעס... איך האָב געפיהלט...

זי: דו האָסט געפיהלט ?

ער: איך פערשטעה די שטילע שפּראַך אָהן ווערטער...

זי: דאָס בענקען...

ער: דיין בענקען שוועבט אין גאָרטען...

זי: דו... דו...

ער: אין דיין נאָהנט...

זי: ווי שעהן!

ער: די נאַכט... די זומערנאַכט!...

זי: ליעבסטער!

ער: די נאַכט —

זי: איך פערשטעה, איך פיהל... די זומערנעכט זענען שעהן, נאָר קורץ...

ער: די זומערנעכט!

זי: ליעבסטער מיינער!

ער: די זומערנעכט זענען קורץ און זייער כשוף מאַכט אַנ'אייביגקייט געבוירען, אַנ'אייבייגקייט פון שמערץ און קוואַל...

זי: אַך! איך דערמאַן מיך אין טאָג. ווי מיאוס! ווי שרעקליך, אָהן רחמנות...

ער: ליעבסטע! ווי דו ליידסט!...



זי: שטיל! געזונג! איצט שווייג! איצט פֿעסטער דרוק צו זיך מיך צו!
ער: ליעבסטע!

(א רגע שווייגען).

זי: הער די פֿאָנטאַנע, ווי זי רוישט, ווי רעדט דאָס וואַסער אין אַ זומער־נאַכט!... דו פֿערשטעהסט?...

ער: זי שפּינט אַ מעשה פֿון אַ ליעבען, פֿון גליק, וואָס קורץ איז ווי אַ זומערנאַכט...

זי: ליעבסטער! האַלט מיך פֿעסט אַרומגענומען... עפּעס שרעקט מיך...

ער: שרעק דיך נישט, איצט בין איך נאָהנט דיר... מיר טרינקען איצט פֿון בעכער גליק...

זי: שטיל! דו רופֿסט דאָס אומגליק באַלד אַרויס... רעד נישט אַזוי...

ער: די קורצע רגע געהערט דאָך אונז...

זי: שטיל! איך בעט דיך! פֿעסטער האַלט מיך אַרומגענומען! לאָז, איך וועל דיך האַלזען, קושען...

ער: ווי גליקליך!...

(אַ גרויסער שטערן פֿליהט בליצשנעל איבער דעם גאָרטען און פֿאַלט אין יענער זייט פֿון גאָרטענהייזעל).

זי: (רייסט זיך אַרויס פֿון זיינע אָרעם). דו האָסט געזעהן? אַ שטערן איז געפֿאַלען.

ער: עס פֿאַלען פֿיעל שטערען אין אַ זומערנאַכט...

זי: עס שרעקט מיך, עס ציטערט מיין גוף...

ער: קום נעהנטער! איך דרוק דיך צו צו מיין ברוסט... ליעבסטע...

זי: ניין, ניין... עס שרעקט מיך... שטיל! דו הערסט?

ער: עס האָבען זיך פֿייגעל דורכגעוועקט אין די צווייגען.

זי: ניין, שטיל, איך הער, ווי טריט...

ער: ליעבסטע!

זי: זיי געזונד!

ער: ליעבסטע! ווי שנעל!

זי: זיי געזונד! (זי פֿערשווינדט אין גאָרטענהייזעל).

אין מזרח בעווייזט זיך דער ערשטער גרויער שטרייף פֿון דעם קומענדען טאָג.



# אין שטוב.

סוף זומער.

שפּעטע נאַכט.

א גערייםיג צימער, האלב בעלייכט פֿון א לאָמפּ, וואָס שטעהט אויף דעם טיש אינמיטען שטוב.

אין אַ לאַנגען, ווייסען נאַכטגעוואַנד, איינע אַליין, אַ יונגע פֿרוי.

זי זיצט ביים טיש און קוקט פֿערשטערט אין א בריעף, וואָס זי האלט אין די הענד. באַלד הייבט זי זיך אויף פֿון דעם טיש, געהט אַ פּאָר מאָל דורך די שטוב, פֿערברעכענדיג די הענד.

טרעהרען. זי וויינט אין זיך, אין זיך שטילערהייט ... באַלד ווידער געהט זי צו צום פֿענסטער און מאַכט עס אויף. אַ ווינד בלאָזט אַריין אין שטוב; דאָס ליכט פֿון לאָמפּ ציטערט. זי פֿיהלט נישט, זי שטעהט וויטער ביים פֿענסטער, בייגט זיך אַריבער און קוקט זיך איין אין דעם גאָרטען. צווייגען פֿון הויכע ביימער טרייסלען זיך ווילד און טאַנצען ווי שאָטענס פֿאַר איהרע אויגען. זי קוקט, זי זוכט ... באַלד געהט זי ווידער דורך די שטוב, קעהרט זיך נאָך איינמאָל אום צום פֿענסטער יאוש־דיג, געבראָכען... און די טרעהרען רינען, רינען...

זי וויינט אַזוי האַרציג, אַזוי שטיל ...

אויף איינמאָל אַ קלאָפּען אין טהיר.

זי בלייבט שטעהן ווי דערשראָקען.

דאָס קלאָפּען חזר'ט זיך איבער.

זי: (בעהאַלט שנעל דעם בריעף אין בוזעם. ווישט זיך די טרעהרען). ווער איז דאָרט?

אַ קול: איך!

זי: אַך דו?! (זי מאַכט אויף די טהיר).

דער מאַן: (אַריינקומענדיג). גוט'ן אָוועגד! דו האָסט דיך דערשראָקען?

זי: דו קומסט אַזוי שפּעט ...

דער מאַן: דו ווייסט דאָך, מען שמועסט פֿון געשעפֿטען און מען פֿערשמועסט זיך. און פֿאַר וואָס שלאָפֿסטו נאָך נישט?



זי: איך האָב געוואַרט...

דער מאַן: געוואַרט?... זיי מיר מוחל; איך טרעף דאָך דיך שוין תמיד שלאָפֿן, ווען איך וויים... (נאָך אַ רגע שווייגען), וואָס איז דיר עפּים? דו זעהסט אַזוי קראַנק אוים?

זי: מיעד...

דער מאַן: דיינע אויגען... ווי דו וואָלסט געוויינט...

זי: שפּעטע נאַכט...

דער מאַן: זעה נור און דאָס פֿענסטער איז אָפֿען, אַזאַ שטאַרקער ווינד...

זי: איך האָב פֿערגעסען...

דער מאַן: (פֿערמאַכט דאָס פֿענסטער, דערנעהנטערט זיך צו'ן איהר). וואָס איז דיר עפּעס? (ער קושט זי אין שטערן).

זי: (שטופּט אָ'הם פֿון זיך לייכט אָב, שווייגט, זייענדיג פֿערקוקט אין איין ווינקעל פֿון שטוב).

דער מאַן: (פֿערדרייכערט אַ ציגאַר און זעצט זיך ביים טיש). נו, אַז איך טרעף דיך יאָ אַמאָל נאָך ניט שלאָפֿען — (ער וויל זי אַרומנעהמען).

זי: (וועהרט זיך אָב מיט דער האַנד, שווייגט).

דער מאַן: דו ביסט ברוגז אויף מיר?

זי: לאָז מיך אָב, איך פֿיהל מיך אַזוי נישט גוט...

דער מאַן: דאַרף מען אפשר פֿרעגען —

זי: ניין, ניין! (זי הייבט זיך אויף, געהט צו צום פֿענסטער און קוקט אין דער פֿינסטערער נאַכט).

דער מאַן: איך בין דיר תמיד ווי פֿרעמד; ווי איך וואָלט גאָר דיין מאַן נישט געווען...

זי: (ביים פֿענסטער, שווייגט).

דער מאַן: מיר דאַכט זיך, דו ווישסט דיר די טרעהרען...

זי: (געהט פֿון דעם פֿענסטער און זעצט זיך אויף דעם זאָפֿאַ).

(אַ לאַנגע רגע שווייגען ביידע. אין דרויסען בלאָזט דער ווינט אַלץ שטאַרקער. עס קלאַפּט לייכט, אָבגעהאַקט אין פֿענסטער).

זי: (כאַפּט זיך אויף דערשראָקען, ווי איינגעהערענדיג זיך אין דעם צווייגענקלאַפּען אין פֿענסטער).

דער מאַן: וואָס איז דיר?

זי: (געהט שווייגענדיג צו צום טיש און דרעהט אַרוים שטאַרקער דעם לאָמפּ).

דער מאַן: וואָס טהוסטו?... ס'איז שוין צייט צו שלאָפֿען.



זי: (ענטפֿערט נישט. זעצט זיך ביים טיש אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף די הענד).

דער מאַן: וואָס איז דיר?

זי: (שווייגט ווייטער).

(עס הערט זיך אַ וואָיען און קוימען).

זי: (גיט אַ ציטער, הייבט אויף דעם קאָפּ).

דער מאַן: וואָס איז דיר?

זי: האָסט געהערט?

דער מאַן: דער ווינט.

זי: וואָס... וואָס בעטייט דאָס?...

דער מאַן: עס בלאָזט אַזוי דער ווינט.

זי: ווי דאָס וואָלט גערופֿען, ווי דאָס וואָלט זיך געקלאָגט...

דער מאַן: (דערנעהנטערט זיך צו'ן איהר ווידער). קום נור, קום נור נאַרעלע (ער וויל זי אַרומנעהמען).

זי: לאָז מיך!

דער מאַן: נאַרעלע, דו ציטערסט; עס בלאָזט אַזוי דער ווינט.

זי: (אָבוועהרענדיג פֿון זיך מיט דער האנד). דער ווינט?

דער מאַן: מיר דאַכט זיך, איך האָב געהערט אין שטאָדט, אַז עמיץ האָט זיך געהאָנגען, צי דערשאָסען... (נאָך אַ רגע) קום נור, קום! אַז די שלאָפֿסט יאָ נישט... (ער פּריפֿט זי ווידער אומאַרמען).

זי: געה! געה פֿון מיר! (עס רייסען זיך איהר טרעהרען פֿון די אויגען). לאָז מיך אָב!

דער מאַן: (אויפֿהייבענדיג זיך, ווי גלייכגילטיג, מיעד). אַ גוטע נאַכט! (ער וואַרפֿט נאָך אַ פֿאַרשטענדיגען קוק אויף איהר און געהט אַריין אין אַנדערען צימער).

זי: (בעהאַלט דאָס פּנים אין די הענד און צעגיסט זיך אין געוויין).



# אויפ'ן בית־עולם.

אַ בית עולם.

ווייסע קאַלטע שטיינער שטעהען רייהענווייז און צעוואָרפען, ווי פון דער ערד אַרויסגעוואַכסען און דאַכטען זיך דערהייבען און שוויגענדיג קוקען צום לויטערע'ן נאַכטהימעל.

פון די געדיכטע ביימער מיט די לאַנגע, ביז צו דער ערד נאָכהענגענדיגע צווייגען פאַלען אויף די גרעבער טונקלע שאָטענס, וואס קומען זיך אויף אַ סך ערטער צוזאַמען, פערפלאָנטען זיך מיט איינאַנדער, ווי זיי וואָלטען זיך אָנגעזאָגט און דערצעהלט שטילערהייט די סודות פון דער בית־הקברים־נאַכט.

קוים בלאָזט נור אַ לייכט ווינטעל גיסט זיך אַ ליכטיגקייט אויס אויף די קברים, די גרעבער, דאַכט זיך, מאַכען זיך אויף, עפּעס ריהרט זיך אויף זיי, ווי עס וואָלט מיט געוואַלט געוואָלט זיך אָברייסען פון דער ערד און זיך צום הימעל דערהייבען...

הערט נור דאס ווינטעל אויף צו רופען, טהוט זיך די ליכטיגהייט אָב פון די קברים, און דיעזעלבע טונקלע שאָטענס פערמאַכען ווידער די גרעבער...

פון ערגיץ ווייט, דאַכט זיך, פון דעם ווינקעל פון אַלטען בית עולם, וואו עס שטעהען צוזאַמענגעסקופיעט האַלב שוין פערפוילטע און איינגעפאַלענע הילצערנע מצבות, טראָגען זיך אָבגעהאַקטע קולות, ווי שטילע קרעכצען, וואס האַלטען זיך אַ רגע אין דעם ריינעם לבנה־ליכט און פאַלען באַלד ווידער שווער צו דער ערד..

איין קבר אַ פרישע'ס, אינגאַנצען פון ליכט בעגאָסען, ליגט זיך רוהיג, גאַנ'ץ נאָהנט ביי דער מויער, ווייט פון אַנדערע, גלייך עס וואָלט די אַלע מצבות און קברים פון דער טויטער שטאָדט פערמד געווען און מיט זיי זיך נישט אָנגעקעהרט...

אַ פרוי אין שוואַרצען געקליידעט זיצט אויף דעם פרישען בערגעל ערד, וואס זי האט פאַר אַ רגע מיט יונג־גערויסענע, שמעקענדיגע בלומען בעשיט. זי זיצט אונבעוועגליך, אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ צו דער ערד און איהרע ליפען בעוועגען זיך לייכט, ווי זיי וואָלטען עפּעס געשעפּטשעט; נאָר עס הערען זיך קיין ווערטער... איהר אויג, דאַכט זיך, וואָלט טרעהרען געגאָסען, נאָר עס ברענגט קיין טרעהר נישט אַרויס; עס בלייבט נור פייכט און דאס בלאַסע פּנים איז נישט בענעצט.

אויף איינמאָל הערט זיך א רוישען אין דער נאָהנט. עס ריהרט זיך דאָס אויפגעוועקטע, הויכע, לאַנג שוין נישט געשניטענע גראָז, עס הערען זיך מענשענ־טריט, וואס דאכטען זיך אַליץ צו דערנעהנטערען צום פרישען קבר.

די פרוי אין טרויער כאַפט אויף ווי דערשראָקען דעם קאָפּ: ווער איז דאָרט? קיין ענטפער...

די פרוי: (מיט מורא אין קול) ווער איז דאָרט?

— „איך" ענטפערט אַנ'אַנדערע פרויענשטימע שוואך, נאָר זיכער.

די פרוי: (מיט א ציטערדיג קול) ווער?

דאס קול? ווער זיצט דאָ אויף דעם קבר?

די פרוי: איך! (איהר קול וואָלט געוואָלט אזוי זיכער קלינגען ווי יענער'ס, נאָר עס ציטערט לייכט...)

דאס קול: וואס וויל דאָ עמיצער אויף דעם קבר?!

די צווייטע פרוי אויך אין שווארצען געקליידעט קומט צו צום קבר.

א רגע קוקען זיך ביידע פרויען שווייגענדיג אָן.

צוערשט רייסט אָב איהר בליק די ערשטע פרוי און ווענדעט איהם צוריק צום קבר.

די צווייטע פרוי: דאס קבר געהערט מיר...

די ערשטע: (שווייגט).

די צווייטע: מיינ'ס איז דאס קבר און דער, וואס —

די ערשטע: קיינמאָל...

די צווייטע: דו ווייסט, ווער עס רוהט דאָ?

די ערשטע: איך ווייס.

די צווייטע: און אפשר ביסטו דיך טועה?

די ערשטע: ניין, איך בין מיך נישט טועה.

די צווייטע: דו האסט פערבלאָנדזעט.

די ערשטע: בלאָנדזען פלעג איך, היינט בין איך גלייך אהער געקומען...

די צווייטע: דו האָסט דיינע בלומען נישט אויף דיינעם א קבר געשיט. א פרעמד'ס...

די ערשטע: פרעמד — קיינמאָל...

די צווייטע: פרעג דעם קברן, ער וועט דיר ווייזען דיין וועג.

די ערשטע: אַהער האָב איך אַליין געטראָפען...

די צווייטע: דו ווייסט נישט —

די ערשטע: איך בין איהם נאָכגעגאַנגען ביים לעבען... איך בין אויך היינט אין זיין פערלאָזטער לויה געוועזען...



די צווייטע: דו ?!

די ערשטע: איך...

די צווייטע: ביים לעבען ?...

די ערשטע: ווען ער האט געלעבט און געזוכט...

די צווייטע: געזוכט ?!

די ערשטע: געזוכט!

די צווייטע: ניין, שוועסטער, דו ביסט זיך טועה, ער האט נישט געזוכט.

די ערשטע: (מיט א לייכטען שמייכעל, אָבער ווי מיטליידענדיג מיט דער צווייטער) ער, דער וואס רוהט דאָ, דער האָט ביים לעבען קיינמאָל גערוהט; אייביג געזוכט און נישט — (זי דערענדיגט נישט, ווי זי וואָלט געוואוסט, ווי דאס וואָרט קען דער אַנדערער ווען טהון).

די צווייטע: ער האָט דאָך... מיך... מיך האָט ער געהאַט... ער האָט דאָך מיך געפונען.

די ערשטע: (שווייגט).

די צווייטע: ער איז דאָך מיינער געווען!

די ערשטע: זיי מוחל, שוועסטער, נישט דיינער איז ער געווען...

די צווייטע: מיך האָט ער געקושט, מיך צו זיין ברוסט צוגעדרוקט...

די ערשטע: (א לייכטער ציטער געהט איהר דורך ביי די ווערטער דורכ'ן גוף, זי שווייגט).

די צווייטע: מיר האט ער פון ליעבע, פון אייביגער ליעבע גערעדט, ביי מיר אין די אָרעם, ביי מיר אויף דער ברוסט האט ער גערוהט...

די ערשטע: און דאָך האָט ער זיך דאס לעבען גענומען!

די צווייטע: אַך!...

די ערשטע: (ווי זי וואָלט חרטה געהאַט אויף איהרע לעצטע פאָר ווערטער) שוועסטער ליעבע! דו ביסט א קינד, אַנ'אומשולדיג קינד, אבער אומגליקליך גלייך, גלייך — מיט מיר...

די צווייטע: מיט דיר ? דו ?...

די ערשטע: יאָ.

די צווייטע: דו... דו האסט אויך איהם...

די ערשטע: יאָ, איך אויך...

א לאנגע רגע שווייגען ביידע.

די לבנה האט זיך דערווייל אראָבגעלאָזט טיעף אונטער דעם בית־עולם־פּאַרקאַן און איבערגעלאָזט דאָס גאַנצע בית הקברות אין טונקלע שאָטענס פער־



הילט. די צווייטע פֿרוי לאָזט זיך אַ־אָב אויף דער ערד נעבען קבר, בייגט זיך צו צום גרוב און דרוקט צו די ליפּען צו דער קאַלטער ערד.

נאָך א לאַנגער רגע.

די צווייטע: (אויפהויבענדיג לייכט דעם קאָפּ) דו האָסט געליטען...

די ערשטע: (שווייגט).

די צווייטע: שטילערהייט האָסטו ליעב געהאַט און געליטען...

די ערשטע: אמת...

ביידע שווייגען.

די צווייטע: און ער האָט מיט דיר נישט גערעדט ?...

די ערשטע: נישט גערעדט...

די צווייטע: ער האָט פֿון דיר אפילו נישט געוואוסט...

די ערשטע: נישט געוואוסט ?... אפשר ... ניין.

די צווייטע: אָבער דו —

די ערשטע: איך בין איהם נאָכגעגאַנגען ווי א שאָטען, נאָר ער האָט מיך ישט געזעהן...

די צווייטע: אָבער דו... אז דו האָסט איהם... דו האָסט דאָך געקאָנט אַליין...

די ערשטע: ניין, ניין, דאָס האָב איך נישט געקאָנט. איך האָב מ ו ר א געהאַט...

די צווייטע: מורא ?

די ערשטע: איך האָב מיך געשראָקען פֿאַר דעם דערקענען זיך מיט איהם. איך האָב מורא געהאַט פֿאַר דער ערשטער רגע. פֿאַר דעם, וואָס איך וואָלט אין דער רגע אין זיין אויג געקאנט אדער געמוזט ליינען. אמת, איך ווייס נישט, איך ווייס נישט, ווי זאָל איך דיר זאָגען, נישט איינמאָל ווען איך האב איהם אַליין אין פֿעלד בלאָנדזען געזעהן, האָט מיך געטריבען אַ הייסער פֿערלאַנג צוצולויפֿען צו׳ן איהם, רעדען מיט איהם, אַרויסזאָגען איהם — יאָ, עס האָט זיך אַזוי געגליסט הע־רען זיין קול פֿון דער נאָהנט... נאָר איך האָב מיך תמיד בעוועלטיגט... ס׳האָט זיך געטראָפֿען אפילו, אז איך האָב מיר געפֿריפֿט איינרעדען, אַז ער וואָלט געקאָנט זיין מיינער, ווי ד ו האָסט איהם פֿריהער אָנגערופֿען, נאָר דער געדאַנק האָט מיך נאָך מעהר געשראָקען...

די צווייטע: דו האָסט דאָך איהם ליעב געהאַט...

די ערשטע; עס פּלאָנטען זיך מיר אַזוי די געדאַנקען און איך מיש אַזוי אין רעדען, אַז דו פֿערשטעהסט מיך נישט... איך האָב איהם ליעב געהאַט, נאָר איך האָב געוואוסט, אַז איך קען איהם נישט האָבען, גראָד אַזוי, ווי ער איז דיינער גע־

וועז און דו האָסט איהם נישט געקאָנט דערהאלטען... דו האָסט איהם ליעב גע־האט און דו האָסט איהם געהאַט, ווייל דו ביסט נישט טיעף אַריינגעדרונגען אין זיין נשמה. דו ביסט נאָך אַ קינד, און דו האָסט איהם נישט פערשטאַנען און נישט געוואוסט אַז דו מוזסט איהם פערלירען.

די צווייטע: אַז איך מוז איהם פערלירען?... און דו האָסט געוואוסט?

די ערשטע: איך האָב געוואוסט! און דאַדורך האָב איך מורא געהאַט פאַר דעם בעקענען זיך מיט איהם. ווי ווערה דאַרף דאָס טהון, שוועסטער, צו רעדען מיט איינעם, וואָס מען האָט איהם ליעב און פון וועלכען מען רעדט זיך איין, אַז מען איז אויך געליעבט. פון וועלכען מען ווייסט אָבער זיכער און מען פיהלט אַרויס, אַז ער וועט פון דיר אַוועקגעהן און דו וועסט איהם פערלירען... און איך וואָלט דאָס געוואוסט אויף זיכער, גראָד אזוי ווי דו, קינד, ביסט געווען זיכער, אַז דו וועסט איהם אייביג ביי זיך בעהאַלטען... אויף דיר איז זיין פלוצלינגער אָבשיעד אַראָב ווי אַ דונער און איך וואָלט אפשר דאָס יעדע רגע געווען ערוואַרטעט... ווי שווער דאָס וואָלט געווען... און ס׳וואָלט אַזוי געווען!...

די צווייטע: דו ווייסט, פאַרוואָס ער...

די ערשטע: האַ, דו פרעגסט נאָך פאַרוואָס? דאָ איז נישטאָ אַ „פאַר וואָס", וואָס דו זאָלסט איהם פערשטעהן... דאָס איז געווען איינע פון די נשמות, וואָס זוכען אייביג, זוכען אומעדום און געפינען נישט און קענען נישט געפונען וואָס זיי זוכען... זיי קענען נישט רוהען, זיי ווילען זיך אָפט מאַכען פערגעסען, נאָר זיי קענען נישט פערגעסען... דאָס זענען נישט פון אונזער וועלט, פערבלאָנדזעטע נשמות, צו איידעלע און לייכטע, אונזער ערד זאָל זיי צוציעהען און האַלטען... זיי מוזען פריהער אָדער שפעטער, אויף דעם, אָדער אויף אַ׳ן אַנדערען אופן אַוועק... זיי קען גאָרנישט צוריקהאַלטען... נישט מיר, שוועסטער, נישט אונזער ליעבע, נישט אונזער אומאַרמען און קוש... (זי שווייגט אַ רגע). און איך האָב איהם גוט פערשטאַנען און געקענט, כאָטש כ׳האָב מיט איהם קיינמאָל נישט גערעדט. איך פלעג איהם נאָכגעהן, ווען ער האָט אַליין אויף די ווייטע פעלדער געבלאָנדזעט, איך פלעג נאָכקוקען זיין איעדען שריט און נישט א׳ינמאָל האָב איך איהם אין די אויגען געקוקט, ווען ער איז אין אַנדערע וועלטען מיט זיין גייסט געווען און ער האָט מיך נישט געזעהן... אַז איך האָב אייך ביידע דאַנאָך אָפט אינאיינעם געזעהן, האָב איך אויף דיר שטאַרק רחמנות בעקומען... דו האָסט דיין גאַנצע יוגענד, דיין ריין אומשולדיג האַרץ, דיין מיידעלשע ליעבע געבראַכט דאָ צום מזבח און נישט גע־וואוסט אַז דער כהן, נישט דערקענענדיג זיין אמת׳ן גאָט, וועט דאָס מזבח מוזען צע־שטערען און הינטער זיינע חרבות אַליין אומקומען...

די צווייטע: (בייגט צו דאָס פנים צום קבר און וויינט).



די ערשטע: וויין נישט, קינד, וויין נישט! נישט איינמאָל בין איך דיך מקנא געוועזן, וואָס דיר איז געגעבען, ער זאל כאָטש איין רגע אין דיינע אָרעם רוהען, כאָטש איינמאָל דיך האַרציג צודרוקען צו זיין ברוסט... און אַז ער האָט דיך ליעב געהאַט און דיר פון זיין ליעבע גערעדט, האָט ער דיך נישט גענאַרט, זיך האָט ער גענאַרט, ווייל ער האָט זיך פערגעסען געוואָלט... נאָר דער גייסט זיינער איז שטאַר־קער געוועזן פון זיין וועלען... וויין נישט! דו וועסט דיך כאָטש קענען דערמאַנען אין די קורצע מינוטען, וואָס ער האָט דיר גליק געגעבען, וויין נישט קינד...

די צווייטע: (ליגט מיט דעם פנים צום קבר, די ליפען צוגעדרוקט צו דער קאַלטער ערד). ווי האָב איך דיך ליעב געהאַט!...

אַ לאַנג שווייגען. די ערשטע פרוי אין טרויער שפּילעט אָב די לעצטע רויז פון איהר בוזעם און וואַרפט זי אויף דעם קבר. זי הייבט זיך לייכט אויף פון דער ערד.

די ערשטע: קום, שוועסטער, קום! ס'איז שפּעטע נאַכט... ער רוהט איצט..

די צווייטע: (הייבט זיך לייכט אויף פון דער ערד, נישט אָבווענדענדיג דעם בליק פון דעם קבר).

די ערשטע: איצט רוהט ער... קום!...

ביידע פרויען וואַרפען נאָך איין קוק אויף דעם פערלאָזטען בערגעל ערד און דערווייטערן זיך אין דער טונקעל צום טהויער פון בית עולם.—





# אין פארק.

שפעטע נאַכט.

איין אלטער פּאַרק, ווייט געלעגען פֿון דער שטאָדט. הויכע, אַלטע ביימער וואַרפֿען אַ'ן אימה'דיגען שאָטען אויף די שמאָלע, לאַנגע אַלעען...

די לבנה, הויך אויף דעם הימעל, פֿיהרט מלחמה מיט דער געדיכטער פֿינסטערניש, וואָס, דאַכט זיך, וויל אַליין פֿיהרען די מלוכה אין דעם אַלטען גאָרטען, די בלאַסע שטראַהלען דרענגען זיך צווישען די טונקלע צווייגען, ברעכען זיך און אויף אַ מייל ערטער געלינגט עס זיי דורכצורייסען זיך און זיי פֿאַלען ווי לעכטיגע פֿלעקען אויף דער ערד.

עס בלאָזט אַ ווינטעל. קודם שוואַך, דאַנאָך שטאַרקער און שטאַרקער און עס דאַכט זיך, אַז עס איז געקומען צו הילף דעם לבנה־ליכט ביי‏צוקומען די פֿינסטערניש אין גאָרטען.

די געדיכטע צווייגען בייגען זיך, געבען זיך אונטער. די לבנה־שטראַהלען רייסען זיך שטאַרקער אַדורך און גרויסע ליכטפֿלעקען שפּרינגען אַרום אויף דער ערד, אַהין און אַהער אין אַ משונה'דיגען טאַנץ. נאָר די פֿינסטערניש איז גובר און דער אַלטער פּאַרק הילט ווייטער אין טונקלע שאָטענס פֿערבאָרגען זיין סוד... פֿון צייט צו צייט הערען זיך איינצעלנע, אָבגעריסענע קולות פֿון נאַכטפֿייגעל, וואָס פֿערלירען זיך ווי אַ קלאָגגעשריי אין דער טיעפֿער נאַכט...

אַ סטאַדע ווילדע קאַטשקעס פֿליהט דורך אין די לופֿטען. עס הערט זיך זייער רעש פֿון ערגיץ אַ'ן אומבעקאַנטער הייך. דער רעש ווערט אויף איינמאָל שטאַרקער, העכער, גלייך ער וואָלט עפּעס אַ ווילדע בשורה דעם גאָרטען געוואָרפֿען... און ווידער ווערט עס שטיל. אַ טויטענשטילקייט...

אויף א באַנק, אין געדיכטע שאָטענס פֿערהילט, ליגט עמיצער אומבעוועגליך און שלאָפֿט.

דאָס ווינטעל בלאָזט אויף איינמאָל שטאַרקער. עס צעשאָקלען זיך די ביימער, די צווייגען צעטיילען זיך און אַ ליכטיגער פֿלעק פֿאַלט אויף דעם שלאָפֿענדיגען. ער ריהרט זיך ווי אומצופֿריעדען, מאַכט אוועק מיט דער האַנד, ווי ער וואָלט געוואָלט דאָס אומגעבעטענע ליכט פֿון זיך אַראָבטרייבען און ברומט דאַביי עפּעס אומפֿערשטענדליכע ווערטער.

דאָס ליכט פֿערשווינדט און ער ליגט ווייטער, איינגעהילט אין די פֿריהערדיגע שאָטענס פֿון חושך און שטילקייט.

אַ רגע הערשט אַ טויט־איינגעהאַלטען שטילשווייגען, ווי אַלעס וואָלט אויף עפּעס געוואַרט ...

פֿון דער ווייטענס ווייזען זיך צוויי שאָטענס, צוגעטוליעט איינער צום אַנדע־רען, ווי צוזאַמענגעפּלאָכטען, זיי קומען אַלץ נעהנטער. געהען ביים ברעג פֿון דעם שמאָלען גאָרטענוועג, קנאַפּ ביי די ביימער, ווי די געדיכטע פֿינסטערניש וואָלט זיי ליעב געווען ...

זיי בלייבען אויף אַ רגע שטעהן, קוקען זיך אום, הערען זיך איין און געהען באַלד ווייטער צוגעטוליעט, צוגעפּרעסט איינער צום אַנדערען ...

זי: אַ לבנה־נאַכט, און דאָ אַזוי פֿינסטער.

ער: די אַלטע ביימער דערלאָזען קיין ליכט ...

זי: דאָרט ווייט, אויף דעם פֿעלד, איז ליכטיג, שטארק ליכטיג ? ...

ער: דאָרט ווייט ...

זי: דאָרט ווייט, וואו עס בליהען יונגע, שעהנע בלימליך ...

ער: דיין אויג איז פֿייכט.

זי: ניין, ניין !

ער: איך זעה אַ טרעהר.

זי: גאָר נישט, ליעבסטער ...

ער: דיר איז שווער דאָס האַרץ, דו שרעקסט דיך...

זי: ניין, ניין !

ער: אָבער דאָך —

זי: עס שרעקט מיך, נאָר איך האָב ניט קיין מורא. איך פֿיהל מיך מיט דיר אַזוי זיכער, כאָטש עס דאַכט זיך מיר, אַז עפּעס מורא'דיגס הענגט אין די לופֿטען ... מיט דיר, ביי דיר, אַזוי נאָהנט, אַזוי ! ...

ער: דו גלייבסט אַזוי אין מיין כוח ?

זי: ניין, ניין ! נישט אין דיין כוח, נאָר אין דיר ! עפּעס גאָרנישט, דאַכט זיך מיר, וועט געשעהן, זאָל אויך דאָס שרעקליכסטע קומען ... מיט דיר בין איך אַזוי זיכער, אַזוי גאַנץ זיכער ...

ער: ליעבסטע ! ...

אַ לאַנג שטיל־שווייגען.

זיי קומען אַלץ נעהנטער צו צו דעם שלאָפֿענדיגען אויף דער באַנק.

זי: (בלייבט דערשראָקען שטעהן און דרוקט פֿעסטער זיין האַנד), זעה !

ער: וואָס ?

זי: אָט דא, דו זעהסט? וואָס איז דאָס?

ער: (שמייכעלט לייכט), דו האָסט דיך דערשראָקען? זעהסט, דו האָסט גישט קיין מורא...

זי: וואָס איז דאָס?

ער: זיי רוהיג, עס שלאָפט דאָ עמיצער אויף דער באַנק.

זי: אין גאָרטען ביי נאַכט?

ער: אַ'ן אָרימער אודאי, שטיל, ער קען זיך אויפכאַפען. (זיי דערנעהנטערן זיך צו דעם שלאָפענדיגען).

ער: (בייגט זיך צו), שטיל, וועלען מיר זעהן.

זי: קום, קום, וואָס טויג דיר!

דער שלאָפענדיגער וועקט זיך דורך און ברומט עפּעס גישט צום פערשטעהן.

זי: קום שוין, קום!

(זיי געהען ווייטער).

דער אויפגעוועקטער שפּאַרט זיך אונטער און קוקט נאָך זייערע שאָטענס, וואָס דערווייטערן זיך אַלץ מעהר. ער רעדט שלעפערדיג ווי צו זיך אַליין.

דער שלאָפענדיגער: הע, וואָס געהט איהר?... געהט נישט היינט!... עס האָבען די נאַכטפייגעל אַזוי יעמערליך געקלאָגט... ווילדע קאַטשקעס האָבען גע־רעש'ט אין די לופטען... געהט נישט...

ער ווערט באַלד ווידער אַנטשלאָפען.

אין גאָרטען איז ווידער טויטשטיל, נאָר פון צייט צו צייט רופען זיך אָן אין דער פינסטערניש איבער־געחזרט אָבגעהאַקטע קולות פון נאַכטפייגעל...

פון צווישען די געדעכטע, נידריגע ביימליך ביים ברעג וועג לאָזט זיך הערען אויף איינמאָל אַ גערויש. עס האַקט זיך אָב, ווערט שטיל, הערט זיך ווידער און ווערט באַלד ווידער שטיל. ווי עמיצער וואָלט געפּריפט זיך דאָרט דורכשטיפּען, ווי עמיצער וואָלט געגאַנגען, צענעהמענדיג מיט די הענד די צווייגלעך און יעדעסמאָל געבליבען שטעהן...

נאָך איינמאָל הערט זיך אַ שטאַרקער גערויש פון די ביימלעך; די צווייגלעך בייגען זיך, געבען זיך אונטער, צעטיילען זיך און פון צווישען זיי קומט אַרויס אַ הויכע, פינסטערע געשטאַלט.

דער אומבעקאַנטער בלייבט אַ רגע שטעהן, קוקט אַרום זיך ווי מיט אַ חשד און לאָזט זיך באַלד געהן מיט לייכטע, שטילע שריט איבער דעם גאָרטענוועג. באַלד בלייבט ער ווידער שטעהן, קוקט זיך אום, הערט זיך איין, צי וועט ער נישט אויפכאַפּען עפּעס אַ גערויש און געהט באַלד ווייטער.

אַלץ נעהנטער קומט ער צו צו דעם שלאָפענדינגען אויף דער באַנק און אַז ער איז שוין גאַנץ נאָהנט. בלייבט ער שטעהן און קוקט זיך אין איהם אָנגע־שטרענגט איין.

יענער שלאָפט טיעף און ריהרט זיך נישט.

דער אומבעקאַנטער געהט צו און בעריהרט איהם לייכט.

דער שלאָפענדיגער ריהרט זיך קוים און שלאָפט ווייטער. אָנגענומען אָבער פעסטער פון דעם אומבעקאַנטען, וועקט ער זיך באַלד דורך.

דער שלאָפענדיגער: הע,! וואָס איז עפּעס דאָ?!

דעם אומבעקאַנטער: דו שלאָפסט דאָ די גאַנצע נאַכט?

דער של.: האַ? וואָס ווילסטו? ווער ביסטו?

דער אומב.; ענטפער! איך פרעג דיך, צי דו שלאָפסט דאָ די גאַנצע נאַכט?

דער של.: (שלעפערדיג). וואָס איז עפּעס אַזוינס די היינטיגע נאַכט? וואָס נעשעהט דאָ עפּעס?

דער אומב.: (אומגעדולדיג). איך פרעג דיך, צו דו שלאָפסט דאָ —

דער של.: און וואָס געהט דאָס דיך אָן?

דער אומב.: ענטפער!

דער של.: האַ?! וואָס איז? נו, און אַז איך שלאָף!...

דער אומב.: איך פרעג, צו אַ גאַנצע נאַכט.

דער של.: נו, איז וואָס?!

דער אומב.: ענטפער, איך פרעג נור אַזוי.

דער של.: וואָסושע האָסטו מיך געוועקט?

דער אומב.: זיי מוחל, גאָר רעד—

דער של.: (ווי צו זיך). עס פיהרט זיך שוין אַזוי די גאַנצע נאַכט היינט..

דער אומב.: וואָס?

דער של.: מען וועקט מיך.

דער אומב.: (מיט אונגעדולד, נאָר ער טראַכט צו פערבאָרגען זיין נייגיריג־קייט). זאָגזשע וואָס? וואָס איז דאָ עפּעס געשעהן?

דער של.: נאַכטפייגעל...

דער אומב.: וואָס?...

דער של.: נאַכטפייגעל האָבען גע'רעש'ט מעהר ווי אַ'ן אַנדערטמאָל.

דער אומב.: נאַכטפייגעל?... אָבער אַזוי, ענטפער, האָסטו אפשר געזעהן —

דער של.: ווילדע קאַטשקעס זענען דורך אין די לופטען און האָבען גע־שריגען.

דער אומב.: אָבער ... זאָג נור ... אפשר האָסטו געזעהן, דאָ אַרומעט ... איך מיין, צי דו האָסט געזעהן, דו שלאָפסט דאָך דאָ די גאַנצע נאַכט ...

דער של.: נו?

דער אומב.: האָסטו נישט געזעהן דורכגעהן דאָ אַרומעט? ...

דער של.: (קוקט אויף איהם מיט אַ חשד), וואָסזשע? ...

דער אומב.: האָסטו יאָ געזעהן?!

דער של.: (שווייגט, קוקט איהם פריפענדיג אָן).

דער אומב.: ענטפער, וואס איך פרעג דיך! (ער פאַלט אַריין אין אַ נערוועזען טאָן), געזעהען? ...ביידע ... אינאיינעם? ...

דער של.: וואָסזשע איז?

דער אומב.: ביידע אינאיינעם? וואו אַרומעט? רעד! וואוהין זענען זיי געגאַנגען? לאַנג שוין? ענטפער!

דער של.: (קוקט זיך אום, נאָך אַ רגע), לאָז מיך שלאָפען!

דער אומב.: הונד, וואָס דו ביסט! (ער לאָזט איהם אָב און לאָזט זיך אייליגענדיג געהן אין דער ריכטונג, וואו ער און זי זענען פערשוואונדען).

דער שלאָפענדיגער קוקט איהם נאָך און, אַז ער פערליערט איהם פונ'ם אויג הייבט ער זיך אויף און שטעהט אַ רגע אומבעוועגליך. ווי נאָכקלערענדיג אויפ'ן אָרט, אויף איינמאָל, ווי עס וואָלט איהם אויפגעלייכט אין מוח, לאָזט ער זיך לויפען, וואו דער אומבעקאַנטער איז איהם פערשוואונדען, ווילד אויסשרייענדיג:

היט'ס אייך! היט'ס אייך!

גלייכצייטיג, נאָך איידער ער האָט איהם געקאָנט דעריאָגען, לאָזט זיך הערען אַ קנאַל.

אַ שאָס איז געפאַלען דאָרט ערגיץ אין דער טונקעל ... עס הערען זיך פערמישטע קולות, געשרייען, אָבגעהאַקטע, יעמערליכע קרעכצען, באַלד נאָך טריט פון לויפענדיגע, וואָס ווערען אַליץ שוואַכער און שוואַכער, ביז זיי פערליערען זיך אינגאַנצען און עס ווערט ווידער טויטשטיל אין אַלטען פאַרק.

נאָר אַ דערשראָקען רופען פון אויפגעוועקטע פייגעל רייסט יעדעס מאָל דורך די לופט ...



# ביי'ם טייך.

פון צווישען הויכע, שעהנע סאָסנעס לייכטען אפיר וויים אָבגעקאַלעכטע ווענד פון אַ נידריגען הייזעל, וואָס שטעהט אַליין ווי פער־יתום'ט און דאַכט זיך רחמנותדיג אַריבערקוקען צו די צעוואָרפענע, ווייטער געלעגענע, שכנות'דיגע הייזליך.

דאָס היימישע וועלדעל איז דורכגעשניטען פון עטליכע שמאָלע גענג, וואָס קומען זיך ביי די לעצטע ביימער צוזאַמען און פיהרען אַרוים אויף אַ ברייטער, פרייער וויעזע, וואָס לאָזט זיך אַראָב אַליין שיפער און נידריגער און גרענעצט זיך מיט אַ גרויסען, טיעפען טייך.

די לאַנגע בין־השמשות־שאָטענס נאָך דעם ברענענדיג הייסען זומערטאָג האָבען זיך שוין ערגיץ וויים פערלוירען און אַ זילבער־גרויער גלאַנץ, וואָס קומט פון די לייכט פערנעבעלטע לבנה־שטראַהלען האָט זיך איבער דער גאַנצער געגענד צעגאָסען.

אין האַלבען שאטען פערהילט ליגט דאָס וועלדעל, פון ליכטיגקייט בעגאָסען איז די ברייטע וויעזע, דורך וועלכער עס גנב'עט זיך יעדעסמאָל שנעל דורך אַ בלאַסער שאָטען, ווי ער וואָלט פון צווישען די ביימער אַפירגעקומען, צו דעם טייך געיאָגט און אין זיינע וואַסערען זיך איינגעטויכט און דערטרונקען... פערפיהרעריש איז איצט דער בליק פון דעם שטילען טייך אין מאַטער לבנה־שיין און זיין שטילשוויינען דאַכט זיך צו ציעהען און רופען... אויף דער וויעזע, ביים ברעג וועלדעל שפאַצירט אַרום אַין עלטערע פרוי איננאַנצען שוואַרץ געקליידט — די מוטטער, געפיהרט ביי דער האַנד פון אַ בליהענד־יונגען מיידעל — איהר טאָכטער.

אַ לאַנגע צייט געהען זיי ביידע פּאַוואָלי און שווייגענדיג אַרום אויף די סטעזשקעס צווישען דעם פרישען גראָז; די אַלטע פערטראַכט, דעם קאָפּ שווער צו דער ערד אַראָבגעלאַזט און די יונגע דאַכט זיך איהר בליק צו האָבען פערטיעפט ערגיץ וויים, ווייט איבער דער וויעזע און ביימער, ווייט איבער די אַרומיגע הויכע בערג...

די מוטער: (נישט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ). פיהר מיך צו'ן אַ באַנק.

די טאָכטער: דו ביסט שוין מיעד, מאַמע? (ביים רעדען בייגט זי זיך צו'ן איהר נאָהנט צו און רעדט העכער ווי געוועהנליך).

די מוטער: לאָמ'יר זיך זעצען!

י. מ. ברענדער

די טאָכטער: (פֿיהרט צו די מוטער צו דער נאָהנסטער באַנק, זעצט זי פֿאָר־זיכטיג אַנידער און זעצט זיך שווייגענדיג נעבען איהר).

(אַ צייט שווייגעןביידע).

די מוטער: עס בלאָזט, דאַכט זיך, אַ קיהל ווינטעל.

די טאָכטער: (גיט אַ ציטער אויף דעם גאַנצען לייב, זי שוויינט).

די מוטער: אַ שעהנער אָווענד היינט, וואָס?

די טאָכטער: שעהן.

די מוטער: שיינט די לבנה? דו זעהסט זי, קינד?

די טאָכטער: יאָ, מאַמע.

די מוטער: ווי שעהן דאָס מוז זיין, קינד! איך זעה נאָך אין די געדאַנקען די זומערנעכט, די ליכטיגע, קלאָרע... גאָט האָט מיך שווער געשטראָפֿט, אַז ער האָט זיין ליכטיגע וועלט פֿאַר מיר פֿערשטעלט, פֿערשטעלט אויף אייביג... אַ שעהנע נאַכט היינט, אַ שעהנע, וואָס?...

די טאָכטער: (דערזעלבער ציטער, זי שוויגט).

די מוטער: איך פֿיהל אויך, עס שמעקען די בלומען, ווי שעהן מוזען איצט אויסזעהן די בלומען! אַלע פֿאַרביג צעבליהט... איך פֿיהל אויך דעם ריח פֿון די ביימער! ווי שעהן, ווי שעהן!...

(אַ רגע שווייגען).

די מוטער: געווען צייטען אַמאָל... שווער שטראָפֿט גאָט, אַז ער נעהמט צו די ראיה... אויף די ווענגען דאָ פֿלעגען מיר אומגעהן, דיין טאַטע פֿלעג מיר תמיד — אוי יונג נעביך איז ער פֿון דער וועלט געגאַנגען! איך האָב מיר די אויגען נאָך איהם אויסגעוויינט...

די טאָכטער: מאַמע!

די מוטער: (זי הערט נישט). נאָך וואָס טויג מיר נאָך אַ וועלט?! ער איז מיין וועלט געווען, אַלעס איז ער מיר געוועזען, ר'איז מיר אַוועקגענומען געוואָרען, האָב איך מיר די אויגען אויסגעוויינט... דו ביסט נאָך אַ קליין קינד דעמאָלט געווע־זען... נאָך וואָס טויגען מיר נאָך היינט די אויגען...

די טאָכטער: (ווי זי וואָלט זיך געבעטען), מאַמע!...

די מוטער: געדענקסט דעם טאַטען, קינד?

די טאָכטער: איך געדענק, מאַמע, איך געדענק.

(אַ רגע שווייגען).

די מוטער: עס בלאָזט אַ קיהל ווינטעל... דו פֿיהלסט ניט, קינד? גיב מיר דיין האַנד! (זי טאַפּט אין בלינדזעניש און זוכט איהר האַנד). דיין האַנד איז וואַרם קינד, וואַרם... דו ביסט יונג...

די טאָכטער: (וואָלט זיך געוואָלט אויסוויינען. זי האַלט זיך איין, טרעהרען בלייבען איהר שטעהן אין די אויגען).

די מוטער: (נאָך אַ רגע שווייגען) דאַכט זיך, דו ציטערסט, קינד?

די טאָכטער: ניין, מאַמע, ניין.

די מוטער: וואָס רעדסטו צו מיר היינט אזוי ווינציג?

די טאָכטער: (וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגען, נאָר די ווערטער בלייבען איהר דערשטיקט אין האַלז. זי שווייגט ווייטער).

די מוטער: איך פיהל דאָך, דו ציטערסט, קינד, וואָס איז דיר?

די טאָכטער: (קושט דער מוטערס האַנד). מאַמע!...

די מוטער: דאָס ווינטעל ברענגט אַ קעלט מיט זיך... וואו זייך' מיר, קינד?

די טאָכטער:ביים טייך, מאַמע.

די מוטער: ביים טייך?... קום פון דאַנען, קינד!

די טאָכטער: מיר האָבען זיך דאָך ערשט וואָס געזעצט.

די מוטער: אין אַ זומערנאַכט ביים טייך... עס איז נישט גוט ביים טייך צו זיצען אין אַ זומערנאַכט...

די טאָכטער: מאַמע מיינע!...

די מוטער: קום פון דעם טייך, טאָכטער!... איך פלעג אויך אמאָל יונגער־הייד ליעב האָבען ביים טייך צו זיצען, ביי לבנה־שיין... דער טייך ציהט אַזוי, ער ציהט... דיין טאַטע קינד, פלעג אויך תמיד זאָגען: נישט זיצען ביים טייך ביי לבנה־שיין!... קום פון דאַנען, קינד, עס בלאָזט אַזא קאַלט ווינטעל פון דאָרט... מען דערצעהלט פון דעם טייך, אז דאָרט איז אמאָל — (זי האַקט פּלוצים אָב, גלייך זי וואָלט איהר מעשה נראה איצט, דאָ זיצענדיג נישט געוואָלט איבער די ליפען ברענגען).

(פון דעם וועלדעל הערען זיך שטילע טריט, וואָס דערנעהנטערן זיך צו זייער באַנק).

די טאָכטער: (הייבט אויף דעם קאָפּ און ווענדט איהר בליק צום וועלדעל, נאָר נישט פערחדושט איז זי; דעם גאַנג, דאַכט זיך, קען זי גוט. נאָר אַ מורא, אַ טיעפע שלאָגט זיך אָב אין איהר קוק, אַ שרעק פאַר עפּעס, וואָס זי האָט געוואוסט, אז עס מוז קומען, נאָר זי וואָלט די דאָזיגע מינוט גערן פערלענגערט געוואָלט האָבען...)

אַ פרעמדער: (איז צו דער באַנק צוגעקומען און שווייגענדיג פאַר איהר גע־בליבען שטעהן. אין זיין קוק שלאָגט זיך גלייכצייטיג אָב ליעבע, צערטליכקייט און רחמנות...)

די טאָכטער: (ענטפערט איהם מיט אַ'ן עהנליכען קוק, נאָר אַ שאָטען פון יאוש האָט זיך אין איהם אויך אריינגעמישט...)

(אַ לאַנגע רגע שווייגען אַלע. אַ בת קול פֿון אַ ווייטען דונער הערט זיך אין די לופֿטען).

דער פֿרעמדער: (ער רעדט שטיל, קוים צו דערהערען). איך בין געקומען און טרעף דיך ווי תמיד. דו זיצסט מיט דיין מאַמע און דער שאָטען פֿון יאוש פֿער־לאָזט נישט דיין קוק.

די טאָכטער: (וואַרפֿט אויף איהם אַ צערטליכען קוק. טרעהרען בלייבען איהר שטעהן אין די אויגען).

דער פֿרעמדער: און זאָל איך גלייבען אין דער שטאַרקייט פֿון דיין ליעבע צו מיר!...

די טאָכטער: (אַ שווערער פֿאָרוואורף אין איהר קוק. זי שווייגט ווייטער).

דער פֿרעמדער: דו האָסט געזאָגט, דו געהסט מיט מיר...

די טאָכטער: איך קען נישט...

דער פֿרעמדער: דו האָסט דאָך געזאָגט!

די טאָכטער: איך האָב געזאָגט...

(אַ שווערע פּויזע).

דער פֿרעמדער: און וואָס וועט זיין?...

די טאָכטער: (מיט טרעהרען פֿול אין די אויגען). ליעבסטער!

דער פֿרעמדער: וואָס וועט זיין?...

די טאָכטער: אַך פֿרעג נישט דאָס! וואָס עס דאַרף זיין, קומט אַליין... דעם עתיד ברעננט נישט אונזער כוח...

דער פֿרעמדער: דאַרפֿען שווייגען מיר און וואַרטען? ווי אַ הונד דעם בראָקען כאַפּען, וואָס דאָס מזל וואַרפֿט אונז צו?...

די טאָכטער: דאָס מזל איז שטאַרקער פֿון אונז. נישט מיר פֿיהרען עס, עס ווייזט אַליין דעם וועג אונז אָן...

דער פֿרעמדער: און איז דער וועג אַ קרומער?

די טאָכטער: קרומט ער אונזער לעבען אויס... מיר זענען צו שוואַך צו געהן אַנטקעגען מזל...

דער פֿרעמדער: און וואו איז די ליעבע, דאָס פֿייער וואָס ברענט אין אונז?... דאָס לייכט אויף אַנדערע וועגען...

די טאָכטער: נישט מיר...

דער פֿרעמדער: דו ביסט דאָך יונג, דו האָסט דאָס רעכט!

די טאָכטער: רעכט...

דער פֿרעמדער: און איך! ווי האָב איך ליעב דיך!...

די טאָכטער: דו?... זיי מיר מוחל!...

דער פֿרעמדער: איך האָב דיך ליעב און וויים, דו ליעבסט מיך אויך...

די טאָכטער: וואָס קען איך...

די מוטער: ווי הויך שטעהט די לבנה, קינד?

די טאָכטער; זי שלאָגט זיך שוואַך אָב אין דעם טייך. אַ וואָלקענדעל פֿערדעקט איהר שיין.

די מוטער: מיר וועלען באַלד שוין געהן.

די טאָכטער: באַלד...

די מוטער: קוק צום טייך נישט דאָרטען קינד! רעד צו מיר! עס איז מיר נוט, אַז דו דערצעהלסט...

די טאָכטער: (צום פֿרעמדען). דו הערסט?...

די מוטער: דו ביסט מיין איינציגע טרייסט. וואָס רעדסטו היינט אַזוי ווינציג? דו איינע ביסט דאָך מיר געבליבען, דאָס הייזעל און דאָס וועלדעל. וואו כ'האָב מיינע יאָהרען פֿערבראַכט אינאיינעם מיט איהם... (זי פֿערטראַכט זיך).

דער פֿרעמדער: זאָג דער מאַמע, זאָג איהר אַלעס, רעד מיט איהר!

די טאָכטער: איך קען נישט...

דער פֿרעמדער: א י ך וועל זאָגען!

די טאָכטער: ניין! איך בעט דיך, ניין!

דער פֿרעמדער: דו האָסט מיך נישט ליעב!

די טאָכטער: דו פּלאָגסט מיך! רעד נישט אַזוי!

דער פֿרעמדער: דו אַליין, דו האָסט אויף דיר נישט קיין רחמנות.

די טאָכטער: עס מוז —

דער פֿרעמדער: ניין, עס מוז נישט!

די טאָכטער: דו האָסט געהערט... מיין בלינדע מאַמע... איך בין איהר איינציגע טרייסט, זי מוז מיך האָבען, זי וויל א י נ נ אַ נ צ ע ן מיך האָבען...

דער פֿרעמדער: דו בליהסט איצט, ליעבסטע! לעבען וואַרט אויף דיר. אויף דיר און מיר. ווילסט וויענען פֿאַר דער צייט? אייביג פֿון די טונקלע שאָטענס פֿערפֿינסטערט, אין וועלכע דיין מאַמע הילט דיך איין, ווילסטו נישט צולאָזען א י י ן ליכטיגען שטראַהל אין דיין לעבען, דו דערשטיקסט דיינע הייסטע געפֿיהלע און דו הרג'עסט דיך און מיך דאַמיט...

די מוטער: עס איז קאַלט. דאָס קיהלע ווינטעל בלאָזט נאָך אַלץ.

דער פֿרעמדער: ליעבסטע! בערעכען, וואס דו טהוסט! (ער קניעט פֿאַר איהר, נעהמט אָן איהר האַנד און בעדעקט זי מיט קוש).

די טאָכטער: (טרעהרען רייסען זיך איהר אוים די אויגען, זי וויל זיך אָנבייגען און קושען דעם פֿרעמדען אויפֿ'ן שטערן —)

די מוטער: ריק דיך נעהנטער צו מיר, קינד, גיב מיר דיין האַנד. (זי נעמט איהר האַנד און האַלט זי פעסט אין איהרע). דו ציטערסט, קינד ...

דער פרעמדער: (הייבט זיך אויף, נאָך אַ רגע שווייגען). ליעבסטע?...

די טאָכטער: ניין, ניין ...

דער פרעמדער: ליעבסטע, איך געה! ...

די טאָכטער: אַך! ...

דער פרעמדער: זיי געזונד! (ער דערווייטערט זיך און פערליערט זיך באַלד אין די שאָטענס פון וועלדעל).

די טאָכטער: (האָט איהם לאַנג נאָכגעקוקט, ביז די שאָטענס פון וועלדעל האָבען זיין געשטאַלט פאַר איהר פערדעקט. אַ רגע בלייבט זי זיצען ווי דערשראָקען, פערווירט, ווי זי וואָלט נישט פערשטאַנען, וואָס דאָ איז געשעהן... אויף איינמאָל כאַפּט זי זיך אויף, ווי זי וואָלט געוואָלט איהם נאָכלויפען, נאָר זי בלייבט ווי פערשטאַרט אויפ'ן אָרט).

די מוטער: (דערפיהלענדיג איהר בעוועגונג). וואָס איז דיר, קינד?

די טאָכטער: (זעצט זיך צוריק, בעהאַלט דעם קאָפּ אין דער מוטערס שויס). מאַמע, אַך מאַמע! ...

די מוטער: (נעהמט אַרום איהר קאָפּ). דאַכט זיך, דיין פּנים איז נאַס?...

די טאָכטער: (זעצט זיך צוריק גלייך, פערטראַכט זיך און שווייגט).

די מוטער: טרעהרען? פון וואָס?

די טאָכטער: עס קומט אַזוי ...

די מוטער: דיר איז עפּעס, קינד ... דו שווייגסט אַזוי די גאַנצע נאַכט, דו רעדסט אַזוי ווינציג... דערצעהל מיר עפּעס, כ'האָב אַזוי ליעב דיך צו הערען ...

(אַ רגע שווייגען, עס הערט זיך דאָס קול פון אַ נאָהנטען דונער).

די טאָכטער: מאַמע!

די מוטער: קינד?! ...

די טאָכטער: זאָג מיר, מאַמע, וואָס דערצעהלט מען עפּעס פון דעם טייך?

די מוטער: פון דעם טייך? ...

די טאָכטער: יאָ, מאַמע, דו האָסט געוואָלט פריהער דערצעהלען ...

די מוטער: פון דעם טייך, קינד? ... נישט היינט! ...

די טאָכטער: פאַרוואָס, מאַמע? דערצעהל!

די מוטער: ס'איז מורא'דיג, ס'איז שרעקליך ... נישט ביי נאַכט, נישט היינט ... נישט איצט...

די טאָכטער: (ווי צו זיך אַליין). עס לייכט נישט מעהר די לבנה, דער הימעל פערכמאַרעט, אין שאָטענס ליגט דער טייך ...

(עס בליצט און דונערט איבערגעחזרט. עס בלאָזט אַ שטאַרקער ווינט, די ביימער רוישען ווילד).

די מוטער: וואָס פאַר ליכטיגקייט!... וואָס פאַר קולות... עס איז נישט היימליך דאָ... קום שוין, קינד, עס איז שוין צייט...

די טאָכטער: (צו זיך). ס'איז צייט... איך געה... (זי הייבט זיך אויף און דערוויילערט זיך מיט לאַנגזאַמע טריט, שטאַר פאַר זיך קוקענדיג, ווי אין חלום... אויף איינמאָל, — דאַכט זיך, זי האָט נאָך אַ דערשראָקענעם קוק הינטער זיך געוואָרפען — הייבט זי אָן לויפען צום טייך...)

(דאָס בליצען און דונערן ווערט עפטער, דער ווינד בלאָזט שטאַרקער און די ביימער האָבען זיך ווילד צעוויגט. דאָס וואַסער אויף דעם טייך האָט זיך אָנגעהויבען קנייטשען, קליינערע פאַלעס האָבען זיך אָנגעהויבען וואַרפען און רוישען, דער טייך האָט זיך אַריינגעמישט אין דעם דרויסענדיגען שטורם)...

די מוטער: (פריפענדיג זיך אויפהייבען פון איהר אָרט, זוכענדיג מיט דער האַנד די האַנד פון איהר טאָכטער), קום שוין, קינד, קום אַהיים.

(קיין ענטפער).

די מוטער: טאָכטער! קום אַהיים! עס איז נישט היימליך דאָ.

(עס בליצט און דונערט אָהן אויפהער).

די מוטער: (זוכענדיג אַלץ מיט די הענד אויף דער באַנק, מיט אַ שרעק אין קול). טאָכטער! איך פיהל דיך נישט! דו האָסט דיך אויפגעהויבען? רעד צו מיר! איך הער נישט! רעד העכער! עס שרעקט מיך, קינד, רעד העכער!

(קיין ענטפער).

די מוטער: קינד מיינס! (זי ריקט זיך אויף דער באַנק ביז צום עק, אַרומטאַפּענדיג אין דער פינסטער מיט די הענד), טאָכטער, קינד, וואו ביסטו? איך פיהל דיך נישט!... (אויף איינמאָל, ווי אַ געדאַנק וואָלט איהר פלוצלינג אַריין אין מוח, הייבט זי זיך אויף און לאָזט זיך געהן אין דער פינסטער, טאַפּענדיג פאַר זיך מיט די הענד און שרייענדיג מיט אַ יעמערליכען קול). מיין קינד! מיין איינציג קינד! ראַטעוועט! ראַטעוועט! מיין קינד...

(דער שטורם כאַפּט אויף איהר קול און וואַרפט עס ווילד אין דער פינסטערער נאַכט, ערגיץ נאָהנט שלאָגט איין אַ דונער)...

# א זומערנאַכט־חלום.

ביים ברעג ים.

אַ שעהנע, לעכטיגע לבנה־נאַכט.

דער ים ליגט רוהיג, אויף זיין לייכט געקנייטשטען, שפּיגעלדיגען ריקען ציהט זיך אַ לאַנגער, גילדענער שטרייף, ווי ווען צעקאָכט גאָלד וואָלט זיך געגאָסען אין אַ שמאָלען שטראָם און זיך געשלענגעלט אינמיטען אַנדערע, טונקלערע, פליסענדע מעטאַלען — די לבנה־שיין.

ווייט, ווייט אויף דעם האָריזאָנט וואַרפען זיך יעדע רגע קליינע, שנעעווייסע שוימענדיגע פאַלעס, ווי פערכשופטע, נאַקעטע ים־מיידלעך וואָלטען יעדעסמאָל אויפגעטויכט, געכאַפּט אַ קוק אויף אונזער וועלט, אויף אונזערע הימלען און באַלד ווידער פערשוואונדען אין דער טיעפעניש, צוריק אין דעם אייביגען תהום, צו די אייגענע פערבאָרגענע פּאַלאַצען און הימלען...

אַ קליין זעגעלשיפעל שווימט זיך, לייכט הוידענדיג זיך, אויף די ווייכע פאַלעס, עס שניידט אַדורך דעם גילדענעם לבנה־פּאַס, שפּרייט בּרייט אויס די ווייסע זעגעל, ווי זיי וואָלטען געוואָלט אַרומנעהמען, אַריינציהען אין זיך דעם גאַנצען זילבערגלאַנץ פון דער קלאָרער לבנה־נאַכט ...

אַ זילבערנעץ געפלאָכטען פון די איידעלסטע לבנה־שטראַהלען שפּינט אַרום דאָס שיפעל אַליץ שטאַרקער און געדעכטער, ביז עס ווערט אַרומגענומען ווי פון אַ געדעכטען זילבערנעבעל, איינגעהילט, פערדעקט און ערגיץ ווייט אויף דעם האָריזאָנט פערלוירען...

שפּעטע נאַכט.

אין די נאָהנטע נידריגע פישער־הייזלעך איז אַיעדעס ליכט שוין לאַנג געלאָשען און די שויבען פון די קליינע פענסטערלעך כאַפּען נור אויף און שלאָגען אָב די לעכטיגע לבנה־שיין, פון איינצעלנע, טיעפער געלעגענע ווילען רייסט זיך נור אַ מאַטע שיין פון נאַכט־לעמפּליך צום פענסטער, ווי זי וואָלט געוואָלט אַרויס פון די ענגע, דושנע שטובענגווענד און אויסמישען זיך מיט דעם רייכען זילבערגלאַנץ פון דער קלאָרער לבנה־נאַכט ...



נאַכט־רוה אין גאַנצען דאָרף.

איינער אַליין נור, דאכט זיך פון די זומערגעסט, בלאָנדזעט אַרום אַ פעד־טראַכטער ביים ברעג ים.

צוקומענדיג צום אָרט, וואו די פישער־שיפלעך ליגען אָנגעבונדען, לאָזט ער אַראָב זיך אויף דעם אָפגעקיהלטען זאַמד און פערקוקט זיך אין דער אונענדליכער ווייט פאַר זיך.

די לבנה־שיין בעלייכט זיין בלאַס פּנים, אויף וועלכען אַ מיעדקייט ליגט אויסגעגאָסען און די שוואַרצע טיפע אויגען זיינע, וואָס דאַכטען זיך גלייך מאַט און מיעד צו זיין, פערראַטען דאָך אַ היימליך, בעהאַלטען פייער, וואָס וואַרט נור אויף זיין רגע, עס זאָל מיט דאָפּעלטען כוח אויפפלאַקערן און זיך צעברענען...

רוהיג, אומבעוועגליך ליגט ער, נישט אראָבלאָזענדיג אויף איין רגע דאָס אויג פון ווייטען ים, גלייך ער וואָלט דעם קליינסטען רויש נישט געוואָלט דורכלאָזען.

די מיעדע אויגען פאַלען איהם יעדעסמאָל צו, ווי ער וואָלט אין זיך אַליין זיך פערטיעפט און אַזוי נאָך בעסער געוואָלט זיך איינהערען אין די סודותדיגע מעשיות, וואָס דער ים דערצעהלט...

זיינע ליפען ציטערן און מאַכען זיך לייכט אויף, ווי ער וואָלט עפּעס שטי־לערהייד געשעפטשעט. דאָס לייכטע ווינטעל, וואָס בלאָזט פון ים כאַפט אויף די אָבגעהאַקטע ווערטער, פערטראָגט זיי מיט זיך און מישט זיי אוים מיט דעם שטי־לען רוישען פון די פאַלעס...

„אין דער פרעמד אַליין, פערלאָזען,
אָהן אַ וואַרעם, ליעבענד האַרץ...
ווי דאָס שיפעל... ווי דאָס שיפעל אויף די ימים..

— — — — — — — — — — — — — — — —

אָהן אַ וואַרעם... ליעבענד...
ווי דאָס שיפעל...

— — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אַ שיפעל אַ קליינס, איינגאַנצען מיט בלומען בעפוצט, קומט אַליך נעהנטער צום ברעג.

אַ מיידעל, אַ יונגס, דאָס פּנים בלאַס מיט גרויסע פערחלום'טע אויגען, אין אַ דינעם דורכזיכטיגען געוואַנד געקליידט, זיצט איינע אַליין דארין און ריהרט פּאַוואָ־לי מיט די רודער.

אַ זיסער פערכשופטער נגון הערט זיך אין די לופטען און דאַכט זיך בעגליי־טען דאָס שיפעל און די יונגע שעהנע שיפערין...



נאָך איין קלאַפּ מיט די רודער און דאָס שיפֿעל איז שוין ביים ברעג.

זי שטייגט פּאַמעליך אויס, בלייבט שטעהן אויף דעם אָרט, וואַרפֿענדיג פֿער־בענקטע בליקען אויף איהם. א לייכטער שמייכעל פֿון גליק ציטערט אין די ווינקעל פֿון איהרע ליפּען...

ער: ווער ביסטו?

זי: איך בין צו דיר געקומען...

ער: צו מיר?

זי: צו דיר. דערקענסט מיך נישט?...

ער: (קוקט זיך איין, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען). אך, דו?!

זי: איך, דיין —

ער: אך, ענדליך! איך האָב געמיינט, אַז שוין פֿערפֿאַלען...

זי: דו האָסט נאָך מיר געבענקט... זיי מוחל, וואָס איך קום ערשט איצט...

ער: קום נור, געהנטער קום!

זי: ליעבסטער! (זי בייגט זיך אָן און נעהמט אָן פֿול ווייסע בלומען אין געוואַנד).

ער: בלומען?

זי: פֿאַר דיר!

ער: אָ האַרצגעליעבטע מיין!

זי: (באָרפֿוס, קומט צו נעהנטער, שיט פֿאַר איהם די בלומען). אין טאַטענס גאָרטען כ'האָב געריסען זיי. די שענסטע, פֿאַר דיר. בלומען ווייסע — אַ מתנה דיר מיין אונשולד... בלומען רויטע כ'האָב אין שיפֿעל, ליעבסטער, אויך פֿאַר דיר... דו ווילסט?

ער: אך!

זי: (געהט צוריק צום שיפֿעל, נעהמט אָן פֿול בלומען רויטע אין געוואַנד. זי קומט צוריק און שיט פֿאַר איהם). אַ מתנה, ליעבסטער, דיר מיין ליעבע...

ער: ווי גליקליך, ליעבסטע מיינע, אויסדערוועהלטע!

זי: דו האָסט געבענקט. איך בין געקומען, וויט דער וועג איז פֿון מיין היים...

ער: איך האָב געבענקט, איך האָב געשמאַכט! אך נעהנטער קום! נעהנטער...

זי: ליעבסטער: (זי בייגט זיך צו'ן צו איהם אָן און קושט איהם אויפ'ן שטערן).

ער: זעה די ליפּען, ווי זיי ציטערן, ווי זיי שמאַכטען... גיב מיר דיינע!

זי: ליעבסטער! (זי קושט איהם אויף די ליפּען).

ער: דיין אָטעם ווי דער ריח פֿון צעבליהטע רויזען... (ער דרוקט זי פֿעסטער צו זיך און שעפּטשעט ווי פֿערשכורט) דיינע אָרעם!... דיינע ברוסטען!...

זי: לאָז רוהן דיין מיעדען קאָפּ אויף מיין שויס...



ער: ווי שמעקט דיין מיידעלש לייב!...

זי: כ'האָב ליעב דעם ריח פֿון דיינע האָר... (זי קושט איהם אויפֿ'ן קאָפּ).

ער: דיינע, שוואַרץ ווי ראבען, ווי סאַמעט ווייך... לאָז מיך זיי צעפּלעכטען! ער צעפּלעכט איהר די האָר און נעהמט אַרוים איינציגווייז די רויזענקנאָספּען, וואָס זענען איינגעפֿלאָכטען געווען). כ'בין שכור פֿון מיין גליק... ווי ברענט דיין לייב... (ער האַלט זי אַרומגענומען).

זי: ליעבסטער!...

ער: איך הער דאָרט קולות, אַ נגון הערט זיך פֿון דעם ים...

זי: דאָס זינגען מיינע שוועסטער...

ער: דיינע שוועסטער?...

זי: די שוועסטער זינגען אונז אַ ליעד... אַך נעהם אַרום מיך! פֿעסטער!... דרוק מיך צו! עס בענקט מיין מיידעלש לייב נאָך דיר...

ער: ווי האָב איך געבענקט... איך האָב געמיינט... אַליין... אַך! דו ביסט געקומען!... ליעבסטע! דו...

זי: אַזוי... אַזוי...

(עס הערט זיך וואָס אַמאָל אַ שטאַרקער רוישען פֿון די ים־פּאַלעס. נאָך איין שיפּעל דערנעהנטערט זיך צום ברעג. אַ'ן אַלטער מאַן, מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד, זיצט דאַרין).

דער אַלטער: טאָכטער, קום! שטורמיג ווערט דער ים!

ער: ווער איז דאָס קול?

זי: מיין טאַטע...

ער: דיין טאַטע?...

זי: מיין טאַטע רופֿט, וויל שטורמיג ווערט דער ים...

ער: דיין טאַטע רופֿט?...

דער אַלטער: טאָכטער, קום!

זי: דער טאטע רופֿט.

ער: אַך געה ניט, ניין!

דער אַלטער: טאָכטער!

זי: טאַטע!

ער: אַך געה נישט, ניין! זעה, ווי גליקליך איך בין אין דיין נאָהנט! געה נישט! איך האָב אַזוי לאַנג געבענקט נאָך דיר, געה נישט, געה נישט!

דער אַלטער: טאָכטער!

זי: איך געה... (זי פֿערשווינדט).

— — — — — — — — — — — — — — —



שוין גראָהט דער טאָג.

דער ים האָט זיך שטורמיג געמאַכט און וואַרפט ברוגז גרויסע פאַלעס צום ברעג.

צוויי פישער שטעהען ביי די שיפלעך.

דער ערשטער: (אַרבייטענדיג ביי די שטריק). קום שוין, קום! וואָס שטעהסטו נאָך? עס שטאַרקט זיך דער שטורם.

דער צווייטער: זעה, ווי דער שלאָפט נאָך אַליין. עפּעס מאַכט ער מיט די ליפּען, מיט די הענד...

דער ערשטער: וואָס געהט דאָס דיך אָן?! דער שטורם רייסט אונז די שיפלעך אָב. קום שוין! העלף מיר!

דער צווייטער! זעה נור. ער חלום'ט אודאי.

דער ערשטער: לאָז איהם אָב, קום!

דער צווייטער: איך געה. (ער געהט צו העלפען דעם ערשטען פעסטער צו־בינען די שיפלעך).

ע ר האַפּט זיך דערוויל אויף.

ער קוקט זיך אום אין אַלע זייטען, ווי ער וואָלט עפּעס געזוכט.

אומזיסט...

ער זיצט נאָך אַ רגע רוהיג, נאָכקלערענדיג, פערטיעפענדיג זיך אין עפּעס, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט וואָס דערמאַנען...

ער הייבט זיך באַלד אויף. אַ גרויסע טרעהר בלייבט איהם הענגען אין אויג.

„אין דער פרעמד אַליין, פערלאָזען,

אָהן אַ וואַרעם, ליעבענד האַרץ,

ווי דאָס שיפעל..."

ער דערווייטערט זיך פון ברעג. דאָס ווילדע הילכען פון שטורם בעגלייט זיינע טריט...



# פון א טאגבוך.

דאָס דאַטום און דער אָנהייב פעהלען.

...אַזוי האָט זיך דער פאָדעם וואָס אַמאָל מעהר געשפּאַנט ביז ער איז ענד־ליך געריסען...

איך אַנטלויף!



15 מערץ.

איך פאָהר און פאָהר און דערווייטער מיך אַלץ פון איהר. באַלד גלויב איך אַז דער צוג געהט צו פּאַוואָלי און באַלד דאַכט זיך מיר, אַז ער יאָגט גאָר צו גיך... עס פליהען עפּעס אַזוי געשווינד די ביימער פאַר די אויגען, אַלע אַהין, אַהין, פון וואַנען איך קום... פאַר וואָס אַהין?... יאָ, עס פערשטעהט זיך דאָך, אַז איך פאָהר אין דער זייט, מוזען דאָך די ביימער, ווייל — עס פלאָנטען זיך מיר אַזוי די גע־דאַנקען... ווי ווייט בין איך שוין? אַ טאָג פאָהרען, אין אַ שעה מאַכט דער צוג... יאָ וויפיעל מאַכט דאָס אויס?... ווי די מענשען קוקען מיך דאָ אָן! וואָס זעהען זיי עפּעס אויף מיר? מוז איך רעדען מיט זיי רעדען? אפשר טאַקע יאָ? מען זיצט שוין אַזוי לאַנג אין איין קופּע דאַרף מען נישט שווייגען. יאָ, וואָס רעדט מען עפּעס?... נייך, איך קען נישט! וואָס אַרט מיך דאָס, וואָס זיי קוקען...

ווי דאָס יונגע מיידעל לאָזט נישט אַראָב דאָס אויג פון מיר! לעזט זי אפשר עפּעס אויף מיין פּנים? אפשר יאָ? זי איז דאָך אויך אַ פרוי. אפשר לעזט זי גראָד איצט גוט און פערשטעהט? עס איז דאָך דאָ אפשר איינע פון איהר געשלעכט גע־קריוודעט געוואָרען. דאָס דאַרפען זיי דערקענען... ווי זי קוקט אַלץ, ווי זי וואָלט מיך עפּעס געפרעגט: פאַרוואָס? וואָס געהט דאָס זי אָן! איך קען נישט ליידען דאָס קוקען, איך דרייה מיך אויס צום פענסטער. עס פאַלט צו די נאַכט. אַ שעהנע נאַכט וועט זיין...



16 מערץ.

איך ווייס נישט, צי בין איך געשלאָפֿען, צי האָב איך אויף וואַך געחלומ׳ט. עס טרעפֿט אַזוי אָפֿט, אַז מען קען נישט געפֿינען דעם הילוק פֿון חלום און וואַך. און אפשר, ווער ווייסט, אפשר איז טאַקע נישט קיין הילוק?...

ווי די מענשען האָבען מורא פֿאַר שווייגען! און אפשר אַז איך שווייג האָב איך אַ פּנים פֿון אַ פֿערברעכער און איך שרעק מיינע רוהיגע שכנים. דאָס מיידעל פֿון נעכטען איז ערגיץ אודאי אין דער נאַכט אויסגעשטיגען און איך האָב נייע שכנים בעקומען. אַ נודנע פּערשוין. אַז ער פֿאָהרט מיט זיין יונג ווייבעל אויף אַ חתונה־רייזע, וואָס געהט דאָס מיך אָן? ער מוז מיר דאַמיט אָנדולען אַ קאָפּ און פֿערגעסט אויך נישט צו פֿרעגען — אַ פּנים אויס העפֿליכקייט — פֿון וואַנען איך פֿאָהר, וואוהין און נאָך וואָס? יאָ פֿון וואַנען, וואוהין און נאָך וואָס?... ער איז אַ קונסט־פֿריינד, דערצעהלט ער מיר און ער בעזוכט אָפֿט די קונסטאויסשטעלונגען.

ער מאַכט, ווי ער וואָלט אַ מבין געווען אויף דעם... און וואָס געהט דאָס מיך אייגענטליך אָן? אַ רחמנות נעביך אויף זיין יונגער פֿרוי. ווי וועט ער זי מיט זיין קונסט־מבינות אָבמיטשען! זי וואַרפֿט יעדעס מאָל אַ פֿער׳גנב׳עטען קוק אויף מיר און דרייהט זיך באַלד ווידער אויס צום פֿענסטער. דאַכט זיך, זי פּריפּט, צי וויל איך גאָר פֿון איהר עפּעס נישט אַרויסלעזען... עפּעס ווי טרעהרען, האָט זיך מיר איינמאָל געדאַכט, האָב איך געזעהן אין איהרע אויגען, זי האָט זיי אַזוי שנעל אָב־געטרוקענט... איך פֿערטיעף מיך אין אַ בוך, אפשר וועט מיך דער יונגער עהעמאַן לאָזען צו רוה.

וואָס פֿאַר פֿערד! ער וויל זי קושען, זי ציהט זיך צוריק. ער זאָגט איהר, אַז פֿאַר אַזאָלכע, ווי איך, דאַרף מען זיך נישט שעהמען. מיר האָבען נישט די אַלע פֿאָראורטיילע, מיר דענקען פֿריי... פֿאָראורטיילע, פֿריי דענקען, קונסט, נישט שעה־מען זיך... וואָס פֿאַר געלעהרטער קונסטפֿריינד!...

ענדליך, דער צוג האַלט שוין איין.



18 מערץ.

אַ פֿרישע שטאָדט, פֿרעמדע מענשען. עפּעס ווייזט מיר אויס אַלעס אַזוי פֿרעמד, קאַלט... נישט קיין שלעכטע דירה, אַ סך ליכט, נאָר עפּעס ווי פּוסטע...

איך דערמאַן מיך, ס׳איז דאָך נאָך קיין וואָך נישטאָ, ווי איך האָב זי אַזוי קוריץ געזעגענט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַלעס איז אַזוי זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז אַזוי האָט געמוזט זיין און געשעהן, נאָר זי? ווי זי האָט אויף מיר געקוקט! וואָס

פֿאַר אויגען, אַך די אויגען! ... ווי זי וואָלט עפּעס פּלוצים דערהערט, אויף וואָס זי האָט זיך קיינמאָל נישט געקאָנט רעכטען ... די אויגען איזהרע, אַך די אויגען! ...



20 מערץ.

איך הייב מיך שוין אָן ביסלעכווייז איינצוגעוויינען. די מענשען דאָ זענען נישט קיין שלעכטע, זעהר פֿריינדליך. וואָס פֿאַר הימעל זיי האָבען דאָ, ווי שיינט דאָ די זון עפּעס אַנדערש, ווי אין אונזער געגענד! ... איך האָב היינט געמאַכט אַ לענגערען שפּאַציער ביים ברעג ים, איך בין עפּעס געגאַנגען און געגאַנגען אָהן אַ סוף, ווי איך וואָלט עפּעס געזוכט. וואָס איך וואָלט געדאַרפֿט טרעפֿען, נאָר גאָרנישט. גאָרנישט האָב איך געטראָפֿען ... וואָס האָב איך דען געזוכט? ... יעפּעס, דאַכט זיך מיר, פֿעהלט מיר ... וואָס דען? ...



25 מערץ.

איך האָב מיר היינט איינגעקויפֿט אַ גרויסען מאַרמאָרבלאָק. אַ זעלטענער שטיין!

און די אידעע מיינע איז רייף, קריסטאַליזירט. עס שטעהט מיר פֿאַר די אויגען ווי לעבעדיג. יאָ, ווי איך וואָלט דאָס געפֿיהלט, ווי איך וואָלט דאָס געקאָנט אָנריהרען מיט דער האַנד. איך פֿיהל, איך זעה ... זי, אַ'ן אומשולדיגע, אַ ריינע, זי רייסט זיך פֿון דער ערד און ער, ער שטרעקט נאָך איהר די האַנד, ער וויל זי דער־הייבען ... דערהייבען איננאַנצען, צו זיך ציעהען, מיט זיך נעהמען, אַרויפֿפֿליעהען הויך, הויך... זי שטרעקט די האַנד, נאָר זי דערגרייכט נישט זיינע ... זי שטעהט געביקט, עס דרוקט עפּעס אַ כוח זי צו דער ערד, זי ווייסט אַליין נישט, זי פֿיהלט דאָס נישט, נאָר זי קען איהם נישט דערגרייכען ... דער שרעק, דער פּחד ... און דער צער ... ע ר וועט מוזען אַליין, אַ ל יי ן ... אַליין, אָהן איהר ... נידריגער טאָר ער צו דער ערד זיך נישט בייגען און זי קען נישט דערגרייכען ... יאָ, אַליין, כאָטש —



27 מערץ.

איך האָב אָנגעהויבען די אַרבייט. מיר דאַכט זיך, אַז איך שטעה איצט אויף דער העכסטער מדרגה פֿון מיין שאַפֿען. איך אַרבייט אָהן אַ מאָדעל און איך פֿיהל מיך אַזוי זיכער. עפּעס אַזוי זיכער האַקט די האַנד אין דעם שטיין, ווי גאָרנישט נאָכגעקלערט ... און איך שנייד נישט איין מילימעטער טיעפֿער, ניט פֿלאַכער. איך

גלייב, איך גלייב עפּעס אַזוי אין דעם. וואָס איך שאַף איצט! גרויס וועט עס זיין, עפּעס גאָר גרויס ... און דער שטיין, אַ זעלטענער שטיין, עפּעס רייסען זיך ווי פֿון איהם אַליין די ליניעס אין געשטאַלטען; ווי זיי וואָלטען פֿער׳כשופֿ׳ט פֿון לאַנג שוין אין איהם גערוהט און געוואַרט נור, ביז איך וועל זיי בעפֿרייען ... עפּעס דאַכט זיך, ציטערט אַ יעדע זערנע ווי אומגעדולדיג, נישט קענענדיג וואַרטען אויף אַ יעדען קלאַפּ פֿון מיין דאַלאָטע ...

עס טרעפֿט זיך, אַז איך לייג אויף אַ רגע אַוועק די אַרבייט, קומט ז י מיר באַלד פֿאַר די אויגען. איך זעה זי, ווי צום לעצטענמאָל איך האָב זי געזעהן, איהר קוק! יאָ, וואָס זאָגט ער? ... ניין, ניין, איך וועל ארבייטען, אַרבייטען, פֿון גאָרנישט געשטערט, פֿון גאָרנישט! אַרבייטען! ...



1 אַפּריל.

איך האָב, דאַכט זיך, קיינמאָל נאָך אַזוי פֿלייסיג נישט געאַרבייט. איבער די כוחות! איך בין מיעד, איך מוז אויסרוהען אַביסעל.

און גראָד איצט, ווען איך פֿיהל מיך אַזוי מיעד פֿון דער אַרבייט, שטעהט זי אינגאַנצען פֿאַר מיר, גלייך, ווי אַמאָל. עפּעס וואָלט זיך געוואָלט רעדען מיט איהר, דערצעהלען איהר, וואָס איך האָב היינט געטהון, אָנלעהנען זיך אויף איהר ברוסט און רוהען...

אַך ניין, ניין! ווי וואָלט איך געוואָלט פֿערטרייבען איהר בילד פֿון מיינע אויגען; ווי וואָלט איך געוואָלט דערהרג׳נען, דערשטיקען אַ יעדען געדאַנק פֿון איהר, נאָר — איך קען נישט. אַ וואונדערליך געפֿיהל... האָב איך זי פֿיינד בעקומען? ... אַך, ווי פֿרעמד דאָס קלינגט, אַז איך דערמאַן זי! אַז, איך פֿיהל, איך פֿיהל און איך האָב מורא דאַפֿאָר — איך האָב זי קיינמאָל און אויך איצט נישט אויפֿגעהערט ליעב צו האָבען . . . און זי? יאָ זי? האָט זי מיך נאָך ווייטער ליעב? איך האָב ערשט אין חלום געזעהן איהרע טרעהרען . . . און איך ווייס, איך ווייס זיכער, אַז זי האָט מיך ליעב... איך בין זיכער, גאַנץ זיכער, אַז זי האָט מיך נאָך ווייטער ליעב, כאָטש כ׳האָב זי געסקריוודעט . . . זי האָט מיך נישט פֿערגעסען! זי בענקט דאָרט אפשר, זי וויינט ... אַ קינד, אַן אומשולדיגע, אַ ריינע! זי האָט מיך נישט אינגאַנצען פֿערשטאַנען, נישט געקאָנט זיך פֿערטיעפֿען אין מיין נשמה? גראָד, ווי זי וועט נישט קיינמאָל פֿערשטעהן, פֿאַרוואָס איך האָב זי פֿערלאָזט ... ווי זי האָט ביים געזעגנען פֿרעגענדיג אויף מיר געקוקט! אַך, ווי דער געדאַנק מיטשעט מיך! פֿאַרוואָס איז דאָס איהר געקומען? זי האָט מיך פֿערראָטען, וואָס? נישט טריי געוועזן? ... איך בין אַ מערדער, אַ רוצח!

אָבער דאָך! עס האָט געמוזט אַזוי געשעהן, ווי ס'איז געשעהן! געמוזט, געמוזט!... מען קען זי ליעב האָבען, זי קען טריי זיין, נאָר אַזוי, דאָס יוגענדליכע פֿייער, דאָס ריינע שאַפֿען איהר אַ קרבן צו ברענגען, איז זי צו קליין געווען דאַצו! זי וואָלט אפשר נישט קיין שלעכטע פֿרוי געווען, אַ גוטע מאַמע מיינע קינדער, נאָר די, די וואָס איך האָב אין מיר געבוירען, איידער איך האָב זי נאָך געזעהן, די איז זי נישט געווען! און איך האָב געמוזט אוועק, אַוועק פֿון איהר, ווען נישט — מיין קונסט מיט די פֿיס טרעטען און צו דער ערד אַראָבציעהען!... עס האָט איהר געפֿעהלט אַ שטריך פֿון גרויסקייט, וואָס איך האָב געזוכט... יאָ, דאָס האָט זי נישט געהאַט!

עס האָט זיך אַמאָל געטראָפֿען, אַז איך האָב ביי איהר געזעהן אַ לייכטען שאָטען דאַפֿון אין דאָס האָט מיך אַזוי געפֿרייט... ווי האָב איך זי דעמאָלט הייסער ליעב בעקומען, ווי זי וואָלט אויף איינמאָל גאַנץ נאָהנט מיר געקומען, ווי איך וואָלט מיך אין איהר אָבגעשפּיגעלט געזעהען, מיך, מיין שאַפֿען מיין קונסט...

און אָפֿט, אַך ווי אָפֿט איז זי אַזוי קליינליך געווען! איהר מורא, איהר פּחד, ווען איך האָב צו'ן איהר גערעדט, ווי זי וואָלט זיך געבויגען אין שרעק און פֿאַר דעם גרויסען מורא געהאַט... ווי דאָס, וואָס איך האָב איהר געזאָגט וואָלט זיך איהר מורא'דיג ווילד אויסגעדאַכט... ז'האָט נישט געקאָנט נאָכיאָגען מיינע געדאַנקען, פֿערשטעהן און אַ שוואַכע איז זי געבליבען צוריק... און ווי פֿלעג איך דעמאָלט צעבראָכען פֿון איהר אַוועקגעהן?!... עפּעס אַזוי, ווי אַנ'אנדערער וואָלט אַוועקגעגאַנגען פֿון זיין געליעבטער, וואָס האָט איהם פֿערראָטען. און זי? זי האָט דאַפֿון נישט געוואוסט. ווי אָפֿט פֿלעג זי מיך פֿרעגען, וואָס מיר איז... יאָ, טאַקע דאַפֿאַר, וואָס זי האָט נישט געוואוסט און ערשט געמוזט פֿרעגען! דאַפֿאַר, דאַפֿאַר, זאָגען האָב איך גענדאַרפֿט? געבען צו פֿערשטעהן? לאָזט זיך דאָס? און אז איך וועל זאָגען וועט זי דען יאָ פֿערשטעהן?... ווי מאַט, ווי מיעד איך בין היינט!...



2 אַפּריל.

אַ שעה האָב איך היינט געאַרבייט און די דאָלאָטע אויס דער האַנד געוואָרפֿען. עס איז מיר ענג, עס ציעהט מיך אַרויס, עפּעס ציעהט מיך... איך מוז אַרויס; צום ים, יאָ, איך געה צום ברעג...



5 אַפּריל.

שוין דריי טאָג אַרבייט איך גאָרנישט. איך האָב מיך אַריינגעקוקט אין די שניט, וואָס איך האָב געמאַכט אין דעם שטיין און איך האָב מיך דערשראָקען... וואָס פֿאַר ליניעס! וועמענס זענען דאָס?...



ניין, איך קען נישט ווייטער, איך טאָר נישט, איך טאָר נישט!...
זי און זי און ווידער זי!...

7 אַפּריל.

איך האָב מיך שוין אַ פּאָר מאָל גענומען צו דער אַרבייט און געמוזט זי באַלד אַוועקלייגען. איך קען נישט...

איך וואָלט אַזוי מיט עמיצען זיך אויסגעשמועסט, אויסגערעדט זיך? ... יאָ, מיט וועמען? איך האָב שוין אפילו דאָ גענוג בעקאַנטע, נאָר איך מייד זיי און צום סוף האָבען זיי מיך אָנגעהויבען מיידען...

פרויען קען איך עטליכע, זיי רעדען אַ סך פון קונסט, צוויי לעבען אפילו אין און פון דער קונסט, נאָר — איך ווייס נישט, איך קען עפּעס נישט... עס טרעפט זיך, איך זעה איינע און איך רוה נישט, ביז איך דערקען זי נישט, און קוים האָב איך מיט איהר איינמאָל גערעדט, אַזוי פערשווינדט אַלעס און איך בלייב נאָך מעהר אַליין, ווי איך בין געווען... און אין אַזאָלכע מינוטען שטעהט זי נאָך דייטליכער מיר פאַר די אויגען, איך שרעק מיך און איך וויל אַנטלויפען פאַר איהר, פאַר מיר אַליין... איך לויף ווי משוגע אין די גאַסען, ביים ברעג ים, נאָר עס העלפט נישט... איך קען נישט אַנטלויפען!...

און אַז איך קום אַהיים, בין איך אַזוי מיעד, צעבראָכען און רוהען קען איך אויך נישט...

12 אַפּריל.

עס איז שוין מיטערנאַכט און איך זיץ נאָך אַליין ביים אָפענעם פענסטער און איך פיהל נישט קיין פערלאַנג נאָך שלאָף.

זי, זי, זי געהט מיר אַליין נישט אַראָב פון די געדאַנקען! מיר דאַכט זיך, זי זיצט ביי מיר, זי פּיעשטשעט מיך, גלעט מיר די האָר... איך האָב געגלויבט אפילו צו הערען איהרע לייכטע טריט אין הויז... יאָ, ב י ז אַ ה ע ר איז זי געקומען, ביז אַהער... איך האָב זי געסקריוודעט, איך! צו פיעל פערלאַנגט! אַ גאָט האָב איך זי געוואָלט זעהן, אַ גאָט און זי איז אָבער דאָך אַ מענש! פאַנטאַזיעס, יאָ, פאַנטאַזיעס ... וואָס בין א י ך, הא, וואָס בין איך?... אָבער ניין, ניין, ניין!...

16 אַפּריל.

ווי שעהן דאָ האָט זיך אַלעס אויפ'ס ניי צעבליהט. לעבען אַרום, פריש לעבען, נאָר נישט פאַר מיר! ווי וואָלט איך מיך מיט דעם יונגען פריהלינג צוזאַמענגע־


גאָסען! ווי ער. פֿריש ווערען געבוירען, פֿריש אויפֿלעבען און שאַפֿען נייע וואונדער! נאָר איך קען נישט, איך פֿיהל נישט קיין כוח...

און דאָך, איך דערמאַן מיך, ווי פֿלייסיג פֿלעג איך אַמאָל אין דער צייט אַר־בייטען!... אין די פֿריהלינגסטעג, אין איהר נאָהנט... און היינט?...

עס איז מיר אריין אַ געדאַנק: אומקעהרען זיך צוּן איהר, אומקעהרען זיך... יאָ, וואָס זאָג איך?... אפשר טאַקע יאָ?... אַזוי האלט איך ווייטער נישט אויס!...



17 אַפּריל.

ניין, איך קען נישט, איך קען מיך נישט אומקעהרען! איך בין פֿון איהר ווייט, אַרבייט מיין פֿאַנטאַזיע, און איך זעה זי, ווי איך האָב זי אַליין געבוירען. ניין, ניין, פֿון דער נאָהנט, איך דערמאַן מיך... איך מוז העכער געהן, העכער; אפילו אַליין, אַליין... איך קען נישט, איך טאָר מיך נישט אומקעהרען!...



25 אַפּריל.

איך בין נעכטען אַריין אין אַ לוסטיגער געזעלשאַפֿט. מען האָט געטרונקען אַ סך און איך אויך, מען פֿערגעסט אַזוי אַלעס, אַז מען טרינקט...



27 אַפּריל.

דער גאָט פֿון מיין קונסט האָט זיך אויף מיר דערבאַרעמט... אַ רפואה דאָס טרינקען, א רפואה... איך אַרבייט איצט ווידער פֿלייסיג, אָהן אויפֿהער. עפּעס ווי ס'וואָלט זיך אַליין געאַרבייט... עפּעס גרויס ווערט איצט געבוירען, איך פֿיהל דאָס, עפּעס גאָר גרויס... ווי דער מאַרמאָר מייגער איידעלט זיך אויס! וואָס פֿאַר גע־שטאַלטען ער נעהמט אויף זיך!...

מען וועט זיך הידוש'ן, בעוואונדערן...



2 מאַי.

איך האָב קוים צייט און געדולד צו נעהמען די פֿעדער אין דער האַנד. איך אַרבייט גאַנצע שעה'ען נישט אונטערבראָכען.

איך פֿאַל אַנידער נאָך דער אַרבייט אַ מיעדער און איך געדענק עפּעס נישט, וואָס ס'איז געשעהן...

נאָר איך פֿיהל, איך ווייס, אַז עפּעס גרויס, גרויס! — איינמאָל, יאָ, אַזוי ווי אין חלום, זעה איך נאָהנט, גאַנץ נאָהנט פֿאַר מיר —





ניין, ניין, ניין!
עס דורשט מיך, איך מוז טרינקען, ווייטער טרינקען!...



12 מאַי.

איך ענדיג אויס, איך ענדיג אויס.

נאָר עפּעס, איך וויים נישט וואָס, עפּעס אַ מורא האָט זיך אַריינגעכאַפּט, עפּעס ווי אַ וואָרם וואָלט זיך אין מיר אינווייניג אַריינגעגראָבען... און ער גריזעט און נאָגט אָהן אויפהער... איך וויים נישט וואָס, איך קוק אויף דעם מאַרמאָר און עס געהט מיר דורך אַ ציטער... אפשר?... איך וויים דאָך אַליין, אַז איך בין שכור... און אפשר, אפשר, פון וואַנען וויים איך? אפשר טאַקע, ווייל איך בין נישט שכור... עפּעס ווי דורך אַ נעבעל, דורך אַ חלום זעה איך?... וואָס?... וואָס זעה איך?...

יאָ, יאָ, מען מוז טרינקען! ווייטער טרינקען, מעהר טרינקען!...



18 מאַי.

מיין ווערק איז פאַרטיג געוואָרען און איך האָב מיך פאַר איהם דערשראָקען...

נאָר, וואָס עפּעס? וואָס פאַר שרעק, וואָס פאַר מורא? וואָס פאַרכט איך מיך, פאַר וואָס?...



20 מאַי.

איך קען ביי מיר אין דער היים נישט זיין. איך קען דאָרט אויף דעם נישט קוקען... איך וויים נישט פאַרוואָס?... בין איך אַזוי שוואַך? פאַר וואָס אַנ־טלויף איך?!...

דאַכט זיך, אַז איך האָב מיך שוין צום טרינקען געוועהנט, נאָר איך טרינק אַליין, איך טרינק...



23 מאַי.

חברים זענען געווען, איך האָב זיי נישט געבעטען, נישט געוואָלט, אַליין זע־נען זיי געקומען, געלויבט האָבען זיי, ווי געלויבט! אַ חידוש, אָ וואונדער, אַ מייס־טערווערק! אויף דער אויסשטעלונג, זאָגען זיי, וועט דאָס דעם ערשטען פּרייז נעה־מען... מען רעדט שוין אין שטאָדט גאָר דאַפון, מען האָט מיר גראַטולירט... ס'איז גרויס אודאי, איך האָב געפיהלט דאָס, נאָר גרויס... און איך, איך אַליין האָב דאַ־פאַר מורא... שוואַך, פע, ווי מיאוס! פאַרוואָס האָב איך קיין כוח נישט! פאַר





וואָס ? אַ גאַנצען טאָג בין איך נישט אין דער היים און ביי נאַכט צינד איך קיין לאָמפּ נישט אָן, איך האָב מורא דאַפאַר, מורא ...

נאָר פון דער פינסטער, דאַכט זיך מיר, קומט דאָס אַפּיר און דערנעהנטערט זיך צו מיין בעט און קוקט אַזוי אויף מיר ...

יאָ, די אויגען, די אויגען, ווי זיי קוקען, ווי זיי ציעהען צו זיך . . . און ער שטעהט איבער איהר, ער וויל זי דערהייבען, זי דערגרייכט איהם נישט ... וועט ער מוזען אַליין, אַליין געהן ווייטער און העכער... העכער ! און ווי זי קוקט... יאָ, דער שטיין גיט זיך נישט אונטער, איהרע אויגען ציעהען, נאָר ער איז שטאַרק, ער איז גרייט, ער וועט אַליין אין זיין גרויסקייט העכער געהן ... יאָ, דער שטיין איז שטאַרק, דער שטיין ...

ווענענס אויגען זענען דאָס ?... יאָ, וואָס ציעהען זיי מיך אַזוי, פון וואַנען איז זייער כוח ... פון דער נידער ... הא ? ... ווייל ער וויל דאָך העכער קו-מען ... וואָס ציעהען זיי מיך יאָ אַזוי שטאַרק צו זיך ? פאַרוואָס קען איך נישט, איך ? ווי דער שטיין דאָרט . . . העכער ! . . . אַליין ... וואָס איז מיר, וואָס שרעקט מיך אַזוי ? ...



26 מאַי.

איך וואָלט עס פערקויפט און איבערגעקומען, יאָ, עס וואָלט זיך שוין גע-טראָפען אַ קונה און שעהן בעצאָהלט ... מען רעדט דאַפון אומעדום ... נאָר איך וויל נישט, איך קען נישט, עפּעס איז דאָס מיר אַזוי טהייער, אַזוי נאָהנט און אַזוי טהייער און עס שרעקט מיך ...

איך קען דאָס נישט אַוועקגעבען, איך טאָר מיך דאַמיט נישט צעשיידען און דאָך —

ווי שוואַך !... מיין אידעע, מיין אידעע און איך שרעק מיך ...



2 יוני.

איך שלאָף שוין אַ גאַנצע וואָך נישט אין דער היים, איך וואַלגער מיך אין דער פרעמד. — איך האָב מורא אַריינצוקומען אין מיין אַטעליער . . . שטאַרק ווי שטיין שטאַרק ווי שטיין דאַרף מען זיין — חזר איך מיר. יאָ, אַז מען וויל גרויס זיין, גאָר גרויס ...



נאָר ווי וועל איך דאָס איבערשטעהן ?...



5 יוני.

איך האַלט נישט אויס, איך האַלט עס נישט אויס!...

איך וועל אַראָב פֿון זינען!...



7 יוני.

האַ, האַ, האַ! צעבראָכען! צעשלאָגען... שטיקלעך... מיין אַרבייט, מיין גרויס ווערק, דאָס מייסטערווערק... די וועלט וועט זיך חידושן, אַ חידוש, אַ וואונדער, אַ מייסטערווערק... אין שטיקלעך!... אויך דער שטיין, דער מאַרמאָר, האַ, האַ, האַ, אויך ער האָט נישט אויסגעהאַלטען!...

זי, יאָ, זי, איהרע אויגען, איהר קוק!...

האַ, וואָס?... יאָ, ווייל כ'האָב אַזאָלכע אויגען, גראָד אַזאָלכע... וואָס הייסט גראָד? ... עס האָט געמוזט... איך, די אידעע, דער שטיין, האַ, האַ, האַ...



9 יוני.

צעבראָכען און דאָך, דאַכט זיך, איז גאָרנישט געשעהן... שטיקלעך, דאָס קלייבט זיך צוזאַמען, נעהמט זיך צונויף, און שטעהט גאַנץ פֿאַר די אויגען... גאַנץ... און ווידער די אויגען... דער קוק!... דער כוח... יאָ, מען טאָר נישט, מען טאָר נישט, ווייל מען קען נישט, מען איז צו שוואַך און מען קען נישט, ווייל מען טאָר נישט... ניין, ניין, ניין...



10 יוני.

עפעס קוקט מען אויף מיר, ווי איך וואָלט פֿון דעם זין אַראָב, ווי אויף אַ משוגע'נעם... רחמנות גאָר! — יאָ, איך זעה, ווי מען קוקט מיך אזוי רחמנות'דיג אָן... רחמנות אויף מיר?!... גלייך זיי וואָלטען געוואוסט, די קליינטשיגע, גלייך זיי וואָלטען פֿערשטאַנען, וואָס, ווער... גלייך זיי וואָלטען געפֿיהלט... רחמנות אויף מיר! רחמנות...





12 יוני.

עפעם דאַכט זיך מיר, איך טרענק מיך ... איך טרענק מיך און פּיהל שוין דאָס וואַסער ביים האלז ... און עמיץ, יאָ עמיץ גאַנץ נאָהנט, קוקט אויף מיר מיט איבערגעשראָקענע אויגען ... מיט אַ פּחד, אַ מורא ...

קינד, גרויס, גרויס מוז מען זיין, נישט אַזוי ווי — אך יאָ, דו! ... דו ביסט שטאַרק... שטאַרק ... איך בין דער שוואַכער ... דיין כוח ... דו, דו! ... כ'האָב אַ טעות געהאַט ... אַליין געוואָלט ... אַ טעות ... דיין כוח! ...



14 יוני.

זיי געזונד! האַ, וואָס? ... דו בעטסט, דו האָסט מורא. — דו בעטסט מיט די אויגען? ... ווידער די אויגען! ... דו ציעהסט ווידער צו זיך. — פון וואַנען איז דיין כוח? ...

גיין, גיין, איצט נישט, איך וויל נישט קוקען, איך וויל נישט זעהן... גרויס ... כאָטש איצט ... יאָ ... וואַרט גור, דו בעטסט, דו ציטערסט פאַר מורא ... קינד מיינס! ... געליעבטע! ... איך געה... דער ים, ווי דיינע אויגען, דער ים ... איך געה ... זיי געזונד! ...







# ר׳ חיים סופר.

אַ נידריג, אָרעם שטובעל, מיט צווי קליינע, איינגעבראָכענע פֿענסטער. אין איין עק שטעהט דער אויווען, אין אַנדערען, נעבען פֿענסטער אַ׳ן אַלט טישעל, אויף וועלכען עס ליגען אָנגעוואָרפֿען שטיקלעך פּארמעט, גענזענע פֿעדערם און מזוזות. אַנטקעגען דעם טישעל שטעהט אַ בעט, וואו עס שלאָפֿט איצט אַ קרענקליך, בלאַס מיידעלע. נעבען איהר, אויף אַ בענקעל זיצט די מוטער, וואָס האַלט זיך אין איין ווישען די טרעהרען, וואָס הערען נישט אויף צו רינען איבער דעם פּנים. אויף דער ערד, נעבען איהר זיצט דאָס יונגערע טעכטערל און שפּיעלט זיך מיט דער מוטערס קלייד און מיט דער האַנד, וואָס הענגט אַזוי מאַט און שווער אַראָב צו דער ערד.

די טהיר מאַכט זיך לייכט אויף און אין שטוב קומט אַריין דער סופר, איהר מאַן, שוין אַביסעל איינגעבויגען, כאָטש ערשט אין די מיטלע יאָהרען.

— איך בין געווען אויף דעם בית עולם, שרה.

שטילער אַביסעל — זי גיט איהם אַ צייכען מיט דער האַנד, ער זאָל נישט אַזוי הויך רעדען. איך האָב געבעטען, — זאָגט ער שטיל ווייטער — מתפּלל געווען׳ געוויינט. אפשר וועט מיך זיין ליעבער נאָמען אויסהערען, אפשר וועט ער רחמנות האָבען...

בעט נאָך, אַ סך, זאָג תהלים, דאָ מוז מען גרויס רחמים האָבען — שעפּ־טשעט זי צו׳ן איהם אַזוי שטיל, אַז מ׳האָט קוים געקאָנט הערען.

איך וועל בעטען, תהלים זאָגען, איך וועל פֿאַסטען, זאָל נור השי״ת זיך דער־באַרעמען!

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט ביי זיין טישעל און אָנגעהויבען זאָגען תהלים.

מאַמע, איך בין הונגעריג — צעוויינט זיך די קליינע חנה, אויפֿהייבענדיג זיך פֿון דער ערד און טוליענדיג דאָס קעפּעל צו דער מוטערס שויס.

באַלד, באַלד חנה׳לע — טראַכט זי שרה צו שטילען — איצט זיין רוהיג. שפּיעל דיך נאָך אַביסעל, לעבען מיינס, דו זעהסט דען נישט, ווי דיין שוועסטערל איז קראַנק ? וויין נישט, קינד מיינס !



גיב מיר אביסעל מילך, איך בין הונגעריג — זזר'ט זי נאָך אַמאָל איבער ווייי־נענדיג און שטרעקט אויס די הענטלעך נאָך דעם האלבען גלעזעל מילך, וואָס שטעהט אויף דעם בענקעל, נעבען דער קראַנקער.

די מילך איז נישט פֿאַר דיר, חנה, דיין שוועסטער איז קראַנק, מוז זי דאָס האָבען, דו וועסט שפּעטער טרינקען. נאַ דיר דאָס, שפּיעל דיך נאָך אביסעל — זי האָט איהר געגעבען אַ ליידיג פֿלעשעלע פֿון מעדיצין און צוריק אַנידערגעזעצט נעבען זיך אויף דער ערד.

נאָר די הונגעריגע חנה האָט זיך נישט געלאָזט אַזוי גיך שטילען, זי האָט זיך אויפֿגעהויבען און צוגעלאָפֿען צום פֿאָטער און זיך הויך צעוויינט.

טאַטע, טאַטע, די מאַמע וויל מיר נישט געבען קיין מילך, איך בין הונגעריג, זאָל דער טאטע מיר הייסען געבען.

דער פֿאָטער האָט אויפֿגעהויבען דעם קאָפּ, אַ קוק געטהון אויף זיין טעכטערל און אַ גרויסע טרעהר איז איהם געבליבען הענגען אין אויג.

נישטאָ קיין מילך, קינד מיינס — האָט ער איהר געזאָגט, איך וועל געהן אין מאַרק אריין, וועל איך ברענגען.

אָט, דאָרט איז דאָ, די מאַמע וויל נישט געבען.

זיי שטיל, שריי נישט אזוי! איך האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז דאָס איז פֿאַר רחל'ען.

— רחל שלאָפֿט — וויינט ווייטער חנה.

זי וועט זיך באַלד אויפֿכאפּען, וועט זי וועלען טרינקען.

ניין, ניין, זי וועט זיך נישט אויפֿכאַפּען...

— אַ מורא'דיג דראָזשען האט איצט דורכגענומען דעם פֿאָטער און מוטער. ביידע האָבען, ווי אומבעוואוסט. גלייך אַ קוק געטהון אויף דעם בלאַסען שלאָפֿענ־דיגען קינד עפּעס מיט אַזאַ שרעק, מיט אזא מין פֿעריצווייפֿלונג, גלייך אין די ווער־טער פֿון דער הונגעריגער חנה וואָלט בעהאלטען געווען עפּעס אַ שרעקליכע נבואה...

— „י"י י"י אל רחום וחנון"... האָט ציטערדיג אויסגעריסען זיך פֿון דעם פֿאָטערס ברוסט און די מוטער האָט ווי נישט ווילענדיג אָנגעכאפּט דאָס הענטעל פֿון דער טויטבלאַסער רחל.

חיים! — האָט זי אויף איינמאָל אַ שריי געטהון.

חיים! דאָס קינד!...

ר' חיים האָט זיך אויפֿגעהויבען, נאָר איין שריט פֿאַר זיך האָט ער נישט גע־קאָנט טהון.

וואָס איז, וואָס איז געשעהן?!

קום אַהער, זעה נור, דאָס קינד...


י. מ. ברענדער

חיים איז צוגעלאָפֿען צום בעט, אַ בליק געטהון אויף דעם קינד, וואָס האָט איצט נאָך איינמאָל ווייט אויפֿגעעפֿענט די אויגען און צום לעצטען מאָל מאַט און פֿערשטאַרט אַ קוק געטהון אויף די עלטערן.

רבש״ע, פֿאָטער — האָט פֿערצווייפֿעלט די מוטער געשריגען — זי איז דאָך קאַלט!...

ר׳ חיים איז אַנידערגעפֿאלען אויף דעם בעט, שרה האָט דאָס קאַלטע קינד שטאַרק אָנגעהויבען צו קושען און די קליינע חנה האָט זיך יעמערליך צעוויינט...

דעם זעלבען טאָג נאָך איז געקומען דער גרעבער און רחל׳ען אויפֿ׳ן בית־עולם אַוועקגעטראָגען...

די גאַנצע שבעה־וואָך איז ר׳ חיים געזעסען ביים אָפֿענעם ספר איוב, פֿערטיעפֿט אין געדאַנקען און גאַנצע שעה׳ען, ווי נישט וויסענדיג וואָס עס טהוט זיך מיט איהם. די מוטער אָבער האָט געהאַלטען אין איין וויינען, דערמאַנענדיג יעדעסמאָל די מעלות פֿון דער פֿערשטאָרבענער רחל.

אַ טייער קינד איז דאָס געווען, דאָס כשר׳ע, הייליגע נשמה׳לע — האָט זי אָפֿט אַ ביטערען זיפֿץ געטהון — מיר זענען זינדיג, מיר זענען נישט ווערט געווען אזא קינד צו האָבען...

נאָך האָט זיך די שבעה נישט געענדיגט, דער לעצטער טאָג איז עס געווען און די קליינע חנה האָט אויף איינמאָל בעקומען היץ. דער באַלד גערופֿענער דאָקטאָר האָט לייכט שאָקלענדיג מיט דעם קאָפּ ערקלערט, אַז ביי חנה׳לען איז אויסגעבראָכען דיזעלבע קרענק, וואָס די פֿערשטאָרבענע רחל האָט געהאַט...

מען דאַרף אויף איהר גוט אכטונג געבען און קיים וועט זיך נור אביסעל בעסער מאַכען, תיכף מיט איהר אַוועקפֿאָהרען...

די אָרעמע עלטערן זענען נאָך די ווערטער שטעהן געבליבען, ווי לעבעדיג בעגראָבען. אַ קאַלטער שוויים האָט בעדעקט זייער שטערן, זיי האָבען געפֿיהלט, אַז עפּעס אַנ׳אומגליק הענגט איבער זיי, נאָר זיי האָבען נישט געוואוסט, וואָס אָנצוהייבען, וואוהין צו געהן, וועמען צו בעטען, וואָס זאָל זיי העלפֿען.

אַ סופר פֿערדיענט דאָך בכלל נישט איבריג. ווי לאַנג נאָך אַלע זענען געזונד געווען, האָט ר׳ חיים זעהר שווער, אין גרויסער נויט, געקאָנט מפרנס זיין זיין קליינע משפחה. תורות שרייבט מען דאָך נישט יעדען טאָג און פֿון תפילין און מזוזות האָט מען דאָך ווינציג. און דאָ איז קראַנק געוואָרען קודם רחל׳ע. ראַטעווען האָט מען זי געמוזט. איצט ווידער, השם יתברך זאָל העלפֿען, עס זאָל חנה׳לען אַביסעל בעסער ווערען, מוז מען מיט איהר תיכף אַוועק... און פֿון וואַנען זאָל מען געלד נעהמען? און ראַטעווען מוז מען זי דאָך! דאָס איז דאָס איינציגע, לעצטע קינד...

אַזוי נאָכקלערענדיג זענען זיי ביידע געזעסען ביי דעם פריש אָבגעבעטען בעט־טעל, וואו חנה׳לע איז געלעגען אין היץ ...

ס׳האָט זיך אָנגעהויבען בין השמשות. די לעצטע שאָטענס פון דעם טאָג זע־נען אַוועק און אין שטוב איז געוואָרען וואָס אַמאָל טונקלער.

מאמע, מאמע — האָט זיך חנה׳לע דערשראָקען אויפגעכאַפּט — רחל, זעה נור רחל׳ע! ...

האָב קיין מורא קינד, ס׳איז דאָ קיינער נישטאָ — האָט זי די מוטער בערו־היגט, אַ קוש טהוענדיג אין דעם ברענענדיגען שטערן.

זעה נור, זעה, ווי זי לאַכט צו מיר — האָט דאָס קראַנקע קינד איבערגעשראָ־קען ווייטער געשריגען, ווייזענדיג מיט דעם הענטעל אין ווינקעל פון שטוב.

— חיים, צינד אָן אַ ליכט!

שווייגענדיג האָט חיים אַ ליכט אָנגעצינדען. דערזעהענדיג די שיין פון ליכט, האָט דאָס קינד ברייטער אויפגעעפענט די אויגען און אויסשטרעקענדיג די הענטלעך צום פאָטער, ווי זיך ביי איהם געבעטען.

טאַטע טייערער, טאַטע לעבען, עס טהוט מיר עפּעס אַזוי וועה...

איך ווייס, איך ווייס, קינד מיינס, דו ביסט נור אַביסעל קראַנק, דאָס וועט באַלד דורך...

אין דו ווייסט, טאַטע, וואָס מיר פעהלט?

גאָרנישט, גאָרנישט, נור אַביסעל אַזוי... זעהסט, מען דאַרף תמיד פאָלגען...

בין איך דען שלעכט? איך פאָלג דאָך תמיד.

יאָ, יאָ, דו ביסט אַ גוט קינד...

פאַרוואָסזשע עפּעס, טאַטע, טהוט מיר אַזוי וועה, עס ברענט עפּעס אַזוי...

דער פאָטער האָט געשוויגען.

פאַרוואָס וויינט די מאַמע? מאַמע, וויין נישט!

שרה האָט זיך אָבגעווישט די טרעהרען, אַוועקגעגאַנגען אין אַ ווינקעל און דאָרט שטילערהייד ווייטער געוויינט.

טאַטע טייערער — זי האָט אַ קוש געטהון דעם פאָטער אין דער האַנד — איך ווייס, די מאַמע וויינט, ווייל איך בין קראַנק, דו וועסט בעטען דעם דאָקטאָר איך וויל זיין געזונד. אַיאָ טאַטע? איך וועל שוין תמיד אַזוי פאָלגען...

דער פאָטער האָט איהר אַ קוש געטהון אין שטערן און ווייטער געשוויגען.

אַ לאַנגע צייט איז ער געזעסען ביים בעט פערקלערט, נישט אראָבלאָזענדיג דאָס אויג פון דעם טעכטערל. אויף איינמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט, ווי עפּעס אַ מוראדיג ווילדער געדאַנק וואָלט איהם אַריין אין קאָפּ. שרה! — האָט ער צי־טערדיג אַ רוף געטהון — בלייב דאָ אַליין אַביסעל ביים קינד, איך קום באַלד צוריק.

וואוהין, חיים ?!

נאָר ר׳ חיים איז שוין געווען אויף יענער זייט טהיר.

אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ איז ער געלאָפֿען גלייך מיט דער גאַס. גלייך פֿאַר זיך, ווי וועלענדיג מיט די אייגענע טריט פֿערטייבען די אַלע געדאַנקען, וואָס האָבען זיך איהם איצט געדרענגט אין מוח. די גאַס־לאָמפּען זענען שוין געווען געלאָשען און נור די בלאַסע לבנה־שיין האָט איהם בעלייכט דעם וועג.

געבליבען שטעהן איז ער פֿאַר אַ הויז מיט פֿערונדעטע פֿענסטער, וואו די לבנה־שטראַהלען האָבען געמאָלען אויף די שויבען עפּעס וואונדערליכע געהיימניס־פֿולע בילדער...

אויף איינמאָל האָט ער דעם קאָפּ אויפֿגעהויבען און זיך אומגעקוקט, ווי עס וואָלט זיך איהם געדאַכט, אַז מען רופֿט איהם...

ניין, קיינער, איז נישט געווען, קיינער האָט נישט גערופֿען...

אַ לאַנגע רגע איז ער נאָך געשטאַנען אויפֿ׳ן אָרט, ווי מלחמה פֿיהרענדיג מיט זיך אַליין. אַ דראָזשען איז איהם דורך דורך דעם גאַנצען גוף. ער האָט זיך אויס־געדרייהט מיט דעם פּנים, פֿון וואַנען ער איז געקומען, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנ־טלויפֿען, צוריקלויפֿען... נאָר ער האָט זיך פֿונ׳ם אָרט ניט גערידהרט.

נאָך איין ציטער געטהון אויפֿ׳ן גאַנצען לייב, מיט דער האַנד געמאַכט א בע־וועגונג איבער דעם פּנים, ווי ער וואָלט אַ בייזען חלום אָבגעווישט. נאָך איינמאָל הינטער זיך זיך אומגעקוקט און פֿערשוואונדען געוואָרען אין הויף...

שפּעטע נאַכט איז געווען, אַז ר׳ חיים איז אַהיים געקומען.

שרה איז געזעסען ביי חנה׳ס בעט און געוואַכט.

טאַטע! — האָט אַ רוף געטהון דאָס קינד, דערזעהענדיג דעם פֿאָטער — וואו ביסטו געווען, טאַטע?

ר׳ חיים האָט געשוויגען.

וואָס האָסטו מיר געבראַכט, טאַטע?

איך האָב דיר געבראַכט... זיי נור רוהיג, קינד... דו וועסט זיין געזונד...

די קראַנקע חנה האָט אַ דאַנקבאַרען שמייכעל געטהון און אָנגעהויבען קושען דעם פֿאָטערס הענד.

וואו ביסטו געווען חיים? — האָט שרה איצט אַ פֿרעג געטהון.

חיים שווייגט.

דו ביסט געווען אין בית המדרש?

פֿון וואַנען... פֿאַרוואָס אין בית המדרש?

דו האָסט דאָרט תהלים געזאָגט?

איצט, אַזוי שפּעט?

◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆

וואו דען ביסטו געוועןַ?

איך בין געוועןַ... ביים צוג בין איך געוועןַ, איך האָב גערעכענט, אַז איך וועל דאָרט טרעפֿען מיין ברודער. יאָ, מאָרגען גאַנץ פֿריה פֿאָהר איך צו׳ן איהם אַריבער...

דו פֿאָהרסט? נאָך וואָס?

ער וועט מיר באָרגען געלד.

דיין ברודער? פֿון וואַנען... יאָ, און דו קענסט דאָך איהם שרייבען.

ניין, איך מוז פֿאָהרען! אַזוי איז בעסער...

הלואי, הלואי!...

ביידע זענען אויף אַ לאַנגע רגע אַנטשוויגען געוואָרען. אויף איינמאָל האָט זיך ר׳ חיים אויפֿגעכאַפּט און צוגעלאָפֿען צום פֿענסטער.

וואָס איז? — האָט שרה פֿערחידושט געפֿרעגט.

דו האָסט געהערט?

וואָס?

ווי עמיצענס טריט. ווי עמיצער וואָלט אַהער געלאָפֿען...

עס האָט זיך דיר געדאַכט. ווער זאָל עס נאָר אַהער איצט לויפֿען. לייג דיך אַביסעל צו, חיים, אויב דו ווילסט פֿאָהרען גאַנץ פֿריה. איך וועל שוין ביים קינד וואַכען.

ניין, ניין, איך וועל וואַכען, איך וועל וואַכען...

די גאַנצע נאַכט האָט ער שוין קיין אויג נישט צוגעמאַכט און קוים האָט עס נור אָנגעהויבען טאָגען, איז ער צו דער באַהן אַוועק.

אַז ער איז דעם אַנדערען טאָג פֿאַרנאַכט צוריק געקומען, איז איהם שרה אַנטקעגענגעלאָפֿען מיט אַ געוויין און דערצעהלט, אַז דער דאָקטאָר האָט געפֿינען די קרענק פֿאַר שטאַרק פֿעראַרגערט און פֿון אַוועקפֿאָהרען ערגעץ איז איצט שוין קיין שמועס נישט.

וואָס?! — האָט ער ווי נישט מיט זיין קול אַ שריי געטהון — מען דאַרף שוין נישט פֿאָהרען?!

ניין, מען טאָר איצט נישט.

וואָסזשע? איז חנה׳לע ווי רחל — ער האָט נישט געענדיגט.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך נישט גערעכט, אַז עס זאָל זיך אַזוי זעהר און אומפֿערהאָפֿט קענען פֿעראַרגערן — האָט איהם שרה ווייטער גע־קלאָגט, ווישענדיג זיך די טרעהרען.

אַזוי, איז דאָס אַלעס געשעהן אומפֿערהאָפֿט, מען האָט זיך דאַרויף נישט געקאָנט רעכטען?.. ווי נישט נאַטירליך...

◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆

זאָל גאָט אליין זיך אויף אונז דערבאַרמען, ער איינער קען אונז נאָך העל־פֿען, ער שטראָפֿט אונז שוין צו שווער.

צו שווער, יאָ, אָבער...

אַ רגע האָבעןביידע געשוויגען.

דו ווייסט, וואָס ס'איז געשעהן אין שטאָדט? — האָט זיך שרה ווידער אָנ־גערופֿען — אַ שרעקליכע זאַך!

ר' חיים פֿערטיעפֿט אין געדאַנקען, שווייגט.

אַ תורה האָט מען צוגעגנב'עט!

ר' חיים האָט אַ לייכטען ציטער געטהון.

אַ תורה? — האָט ער שטיל איבערגעפֿרעגט מיט אַ קול, גלייך עס וואָלט פֿון אַ קבר געקומען.

אַ תורה, אַ תורה פֿון דעם אַלטען בית המדרש.

פֿון בית המדרש?... איז מען עמיצען חושד?...

איך ווייס נישט, פֿערשאָלטען דער גנב! עס זאָל —

שעלט נישט! — האָט ער ווילד אַ געשריי געטהון.

פֿאַרוואָס?

מען דאַרף נישט שעלטען, וויל...

חיים?!...

ר' חיים איז צוגעגאַנגען צום בעט, צוגעטוליעט צו זיך דאָס קינד און מיט אַ צעבראָכען קול אַ פֿרעג געטהון: עס טהוט דיר וועה חנה'לע?...

אוי, טאַטע, אַזוי זעהר...

איך וועל דיר שוין איצט אַלעס געבען, מילך קויפֿען, אַלעס... דו וועסט טרינקען? — אַ שפּאָטישער שמייכעל האָט איהם אַ ציטער געטהון אין די ווינק־לען פֿון די ליפּען.

ניין, טאַטע, איך וויל נישט קיין מילך — האָט דאָס קינד שווער אַרויסגע־קרעכצט — איך וויל זיין געזונד...

דו וועסט זיין, דו וועסט זיין געזונד. דו מוזסט זיין געזונד!...

חיים, וואָס וועלען מיר איצט אָנהייבען? — האָט זיך צו'ן איהם שרה גע־ווענדט. פֿערברעכענדיג די הענד — געה אין בית המדרש אַריין, זאָג תהלים, רייס אויף דעם ארון הקודש, בעגים מיט טרעהרען די תורות!

שווייג!

חיים, וואָס איז דיר?

עס הענגט איבער אונז אַ'ן אומגליק, דער הימעל האָט זיך געשפּאָלטען, די ערד עפֿענט זיך אונטער אונז...

וואָס איז דיר געשעהן, חיים ?!

אַזוי, אַזוי, דאָס אומגליק איז נאָהנט, זעהר נאָהנט, איבער אונזערע קעפּ...
חיים!

אומפערהאָפּט האָט זיך די קרענק פערגערגערט? אומפערהאָפּט, האָסטו געזאָגט?... דאָס איז נישט נאַטירליך, דאָס קען אַזוי נישט זיין! ניין, ניין, איך מוז! איך וויים נאָך וואָס, איך האָב נאָך אַ מיטעל!...

וואָס מיינסטו, וואָס ווילסטו טהון? רבוש"ע, מיר זענען זינדיג און די אומשולדיגע —

יאָ, יאָ, מ י ר זענען זינדיג און די אומשולדיגע קינדער מוזען דורך אונז ליידען, בעצאָהלען, פאַר אונז, פאַר אונזערע זינד! אָבער חנה אונזערע וועט זיין געזונד, זי מוז זיין געזונד, זי מוז! מיך זאָל דעם הימעלס צאָרן טרעפען, מ י ך ז י נ ־ ד י ג ע ן! איך וויים נאָך וויאַזוי, איך האָב נאָך אַ וועג!...

הנהלע, קינד מיינס אומשולדיג'ס! — איז ער פלוצלינג צוגעלאָפען צום קראַנקען קינד און עס אָנגעהויבען קושען — דו וועסט זיין געזונד, דו מוזסט זיין געזונד!...

טאַטע, טאַטע טייערער — האָט דאָס קינד גערופען מיט אַ שוואַך, אויסלעשענדיגען קל'עכל, נאָר דער פאָטער האָט שוין די ווערטער נישט געהערט. ער איז שנעל אַרויס פון דער שטיב און געיאָגט מיט דעם זעלבען וועג, וואָס אייערנעכטען אין דער נאַכט, צו דעם זעלבען הויז מיט די פערוגדעטע פענסטער — צום אַלטען בית המדרש.

מען האָט גראָד געענדיגט מעריב, ווען ער איז אַריינגעפאַלען ווילד, ווי פון זין אַראָב, צוגעלאָפען צום ארון הקודש, אויפגעריסען איהם און מיט אַ פערצווייפעלט קול, שלאָגענדיג זיך אין האַרץ, אנגעהויבען שרייען:

„יודען! ברודער! עס פעהלט אייך איין תורה?... א י ך בין דער גנב! א י ך האָב זי געגנב'עט!" ווי פערשטיינערט זענען אַלע געבליבען. דאס איז דאָך ר' חיים סופר, איינער אין זיין שטעדטעל!... ער האָט געזאָלט... ער איז אודאי אַראָב פון זינען... קיינער האָט איהם נישט געוואָלט גלייבען.

איהר גלויבט נישט? — האָט ער ווייטער געשריגען, זעהענדיג די פערהידוש'טע פנים'ער — איהר גלייבט נישט, אָט זעהט דאָס געלד. וואָס כ'האָב פאַר איהר בעקומען! פון וואַנען קומט צו מיר אַזויפיעל געלד?!...

„איהר גלייבט נאָך אַלץ נישט? וויאַזוי ווילט איהר, זאָל איך אייך בעווייזען? זייט וויסען, אַז יענע וואָך איז מיר מיין רחל'ע געשטאָרבען און דאָס אַנדערע קינד, דאָס לעצטע, איז מיר קראַנק געוואָרען. איך האָב עס געקאָנט ראַטעווען, נאָר געלד האָב — ניין! איך וויל ווייטער נישט רעדען, איך וויל נישט פערענטפערן, וואס



כ׳האב געטהון! אַ תורה האב איך צוגעגנב׳עט און איהר משפט! אַ תורה, אַ הייליגע תורה, צו דעם היילינגסטען מיט אומריינע הענד זיך דערנעהנטערט! איך, פֿערשאָלטענער, איך האָב דאָס געטהון!...

„נו, פֿאַרוואָס שווייגט איהר?! איהר האט דאָ דעם גנב פֿאַר זיך, וואָס שטעהט איהר אַזוי שטיל?! איהר אַלע, פֿערשעלט מיך, וואַרפֿט מיך אין חרם אַריין, פֿערשטיינערט מיך!״...

דער גאַנצער עולם שטעהט איינגעהאַלטען דעם דעך און שווייגט.

„צי זענט איהר קיין יודען נישט? — האָט ער ווייטער געשריגען און דאָס קול האט געציטערט, ווי געבעטען זיך — צו קענט איהר נישט פֿערשטעהן, וואס איך האָב געטהון?! זאָל אייך נישט אָנגעהן, פֿאַרוואָס! קלערט נישט נאָך, גאָר שטראָפֿט, משפט, משפט!... איהר טהוט מיר דאַמיט קיין טובה, וואס איהר שווייגט!... איך בעט אייך, האט רחמנות, שטראָפֿט מיך! זאל דאס אומשולדיגע קינד דאַפֿאַר נישט בעצאָהלען!...

איך וויל געשטראָפֿט ווערען, איך!

זאָל מיך די ערד לעבעדיגערהייד איינשלינגען!...״

— — — — — — — — — — — — — — — —

חיים! חיים! — האָט זיך געלאָזט הערען אויף איינמאָל אַ וויינענדיגע פֿרויענשטימע פֿון דער טהיר — ח—נה שטאַ—אַרבט!...

ר׳ חיים איז אַנידערגעפֿאַלען חלשות פֿאַר דעם ארון הקודש.

◆◆◆◆
◆◆◆
◆◆
◆



# דאס פרעמדע ליכט.

די זון האט אָנגעהויבען אונטערצוגעהן און בעהאַלטען זיך אונטער די קליינע בערגלעך אויף דעם ווייטען האָריזאָנט. דער טאָג האָט נאָך גע׳גוס׳עט מיט די לעצ־טע שטראַהלען פון דעם שוואך בעלייכטען מערב און די גרויע נאַכטשאָטענס האָ־בען זיך שוין שטילערהייד פערגנב׳עט.

דער אָוועגד איז געווען אַ זומערדיגער, אַ וואַרעמער. די ביימער און בלומען האבען אָנגעהויבען שטיל זייער אָוועגד־תפלה, וואס איז אַוועק אינאיינעם מיט דעם לעצטען שמייכעל פון דעם פערלאָשענעם טאָג.

אין שאָטען, אין אַ׳ן איינזאַמער אַלעע אין פאַרק, אויף אַ באַנק אינמיטען דעם ריח, וואס די שלאָפענדיגע רויזען האָבען אַרום זיך צעגאָסען, זיצט איינע אַליין און וואַרט...

עפעס פון אַ בענקען רעדען איהרע גרויסע, בלויע אויגען, עפעס אַ מין אומ־געדולדיג וואַרטען, גלייך אין אַ יעדער מינוט, וואס שווימט אַוועק, וואָלט עפעס טהייער׳ס פערלוירען געגאַנגען, עפעס, וואס איז ווינציג און ס׳קעהרט זיך נישט תמיד צוריק...

זי וואַרט נישט לאַנג. באַלד הערען זיך שנעלע שריט וואס דערנעהנטערן זיך צו׳ן איהר באַנק.

זי דערקענט זיי. ער איז עס...

זי קומט איהם אַנטקעגען, שוויגענדיג נעהמט ער זי אַרום.

אַ לאַנגער קוש...

און ארומגענומען געהען זייביידע אין דער שעהנער, פרישער אלעע פון דעם אַלטען פאַרק.

די לבנה איז אַרויפגעשווימען אויף דעם הימעל און בעשיינט זיי מיט א׳הר בלאַס זילבערן ליכט, ווי צוויי שאָטענס, פון דער מעשה, וואס בלאָנדזען שטיל און שווינענדיג אום אין די לבנה־נעכט אין דעם אַלטען גאַרטען, ביז זיי פערלירען זיך



י. מ. ברענדער

ערגיץ צווישען געדעכטעביימער, אָדער ביים טייך, און מאָרגען בעוויזען זיי זיך ווי־
דער צו דערזעלבער צייט, אויף דעמזעלבען אָרט...

דיין שווייגען ?!...

ליעבסטער!...

איינציגע!...

עס פעהלען רייד...

אַ לאַנגער קוש... און די שאָטענס האָבען איהם אויפגעכאַפּט, אויסגעמי׳שט
מיט דעם ריח פון די פערשכורטע בלומען און איבער דעם גאַנצען פארק צענאָסען...

און די סודות פון איין נשמה האבען זיך אַזוי אינגאַנצען אַריינגעוועבט אין
דער אַנדערער, אָהן רייד און אָהן ווערטער...

אַזוי פלעגען זיי בלאָנדזען יעדע נאַכט אויף דיזעלבע וועגען, אין דערזעלבער
אַלעע, הינטער דיזעלבע ביימער און בלומען...

*

ווער זי איז, האט ער זי קיינמאָל נישט געפרעגט און זי האט נישט געוואוסט
ווער ער איז. געפּיהלט האבען זיי זיך ביידע תיכף פון דער מינוט, וואס זייערע
ערשטע בליקען האָבען זיך צוזאַמענגעטראָפען.

זי איז איהם און ער איז איהר געווען דאס איינציגע, וואס האט אַזוי שטאַרק
צו זיך געצויגען און אויסגעפולט דעם אינהאַלט פון זייער לעבען. און וואס איז איינ־
ציג, דאס דאַרף נישט קיין נאמען...

ער, אַ בלאַסער מיט שוואַרצע אויגען און שוואַרצע האָר, איז געווען דער
אַלייניגער האַר פון איהר האַרץ און געדאַנקען און זי, אַ בלאָנדע מיט גרויסע, בלויע,
פערהלום׳טע אויגען, האט איינציג אַליין אויסגעפולט זיינע חלומות...

ער איז געווען קראַנק און זי האט דאס געפיהלט, כאָטש ער האט מיט איהר
דאַפון קיינמאָל נישט גערעדט. און זי האט איהם נאך מעהר ליעב געהאַט, אַלץ
שטארקער און הייסער, מיט דעם גאַנצען ברען פון איהר פרישער יוגענד, ווילענדיג
פערטייבען דעם מורא׳דיגען געדאַנק, אַז באַלד קען קומען עפּעס אַ כוח, וואס וועט
איהם אַרויסרייסען פון איהרע אָרעם — אויף אייביג...

*

מאָרגען וועל איך נישט קענען קומען — האָט ער זיך אָנגערופען איינמאָל
ביים געזעגנען זיך אין אַ קיהלען הערבסט־אָוונד.

פאַרוואָס ? — האָט זי איבערגעשראָקען אַ פרעג געטהון.

מאָרגען געה איך צו „כל נדרי"...

וואָס ?... וואָס הייסט ?...

מאָרגען איז יום כפור, איך בין אַ יוד.

די פֿערגעלטע בלעטער האָבען געראַשעלט, און די פֿערוויאַנעטע בלומען האָבען שווער נאָכגעהאָנגען אויף די שטענגלעך, און האָבען געדאַכט זיך קלאָגען אויף דעם אויסלעשען פֿון דער זומערפּראַכט און דעם אָבשטאַרבען פֿון דעם אַרומיגען לעבען...

און דאָס האַרץ איהרס האָט אַזוי מורא'דיג געציטערט. דאָס רוישען פֿון אַ יעדען אַראָבפֿאַלענדיגען, געלען בלעטעל האט איהר מיט אַ נייעם טרויעריגען נגון אַנטקעגענגעקלינגען.

מאָרגען וועט ער נישט קומען, מאָרגען זעהען זיי זיך נישט...

עפּעס שרעקליכעס האָט איהר דאָס האַרץ פֿערקלעמט און די ברוסט איז שיעור נישט געשפּריינגען.

ער איז אַ יוד, איז זי היינט געוואַהר געוואָרען, נאָר דאַריבער האָט זי קיין איינציגע רגע נישט געקלערט, פֿאַר איהר איז ער ע ר, דער איינער, דער איינציגער...

„מאָרגען זעהט איהר אייך נישט" — האָט אָבער געקלינגען אין דער אַרומי־גער קברים־לופֿט, און וואָס די ווערטער האָבען נישט געקאָנט אַרויסזאָגען, האָט זי געפֿיהלט, זי האָט געפֿיהלט, ווי עפּעס וואָלט זיך געריסען... די לאַנגע קייט פֿון שעהנע מינוטען איז אויף איין אָרט איבערגעריסען געוואָרען און דורך דעם דאָזיגען אָרט קען זיך אַריינכאַפּען עפּעס מורא'דיג'ס, עפּעס שרעקליכעס...

מאָרגען איז דער אָנהייב געמאַכט, דער אָנהייב פֿון דעם, וואָס —

זי פּריפּט דעם געדאַנק דערשטיקען, נאָר ער כאַפּט זיך אויף און נאָגט און נאָגט...

ביים געזעגנען זיך אין דעם אָוונד האט זי די טרעהרען נישט געקאָנט איינ־האַלטען, כאָטש זי האָט זיך געכוח'עט, נישט צו געבען איהם פֿערשטעהן, וואָס זי קלערט און פֿיהלט. זי האט איהם הייסער, ווי תמיד אַרומגענומען און אויף זיין ברוסט זיך קינדיש צעוויינט, ווי זיי וואָלטען זיך נישט אויף איין טאָג, נאָר אויף אַ לאַנגער, לאַנגער צייט געזעגענט...

*

נאָך יום כפּור זענען די אָוונדען פֿון זייער זעהען זיך געווען שוין געצעהל־טע. קאַלטע ווינטען און שטענדיגע רעגענס, די לופֿט פֿויל אין נישט געזונד.

און ער איז געוואָרען אַלץ בלאַסער און שוואַכער, ביז די כחות האָבען איהם אינגאַנצען פֿערלאָזט און ער האָט געמוזט ליגען אין בעט.

זיין קרענק האָט זיך פֿעראַרגערט פֿון טאָג צו טאָג און דער טויט האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער געקלאַפּט אין דער טהיר...

און ליגענדיג אין בעט, האט ער געוואוסט, אַז זי קומט דאָרט אודאי יעדען אָוונד אין גאָרטען, אויף דעמזעלבען אָרט און וואַרט פֿערבענקט אויף איהם... ער

האָט געפֿיהלט איהר וועהטאָג און אַיעדע טרעהר, וואס זי האט דאָרט געלאָזט, איז איהם געפֿאַלען דאָ ווי פֿייער אויף דעם האַרץ און געברענט ...

ער האָט אפילו געפּריפֿט אַ פּאָר מאָל אַראָבגעהן פֿון דעם בעט, נור אומזיסט. נישט געווען קיין כוח... מאַט און צעבראָכען פֿלעג ער צוריק אַנידערפֿאַלען אויף די קישענס און פֿון די איינגעפֿאַלענע אויגען זענען איינצעלנע טרעהרען אויף דעם בלאַסען פּנים געריגען.

די שעה האָט זיך דערווייל דערנעהנטערט. עפּעס אַ קאַלטע האַנד, האָט ער געפֿיהלט, געהמט איהם אַרום און דריקט אַזוי שווער די ברוסט ... מאַמע! — האָט ער געבעטען די מוטער מיט אַ שוואַך קול — רוף מיר אַרויף ...

וועמען ?

דאָרט, אין אַלטען פּאַרק, וואו די בלומען וויענען איצט ... דאָרט ...

קינד מיינס, וואָס מיינסטו ?

כ׳לעבען, מאַמע, איך וויים, גאַנץ זיכער וויים איך, זי׳ וואַרט דאָרט... זי מיינט, איך וועל נאָך קומען... איך וויל זי נאָך זעה׳ן ...

ווערמען ? ...

זי׳! — טרעהרען האָבען איהם דאָס קול דערשטיקט.

איך וויל זי זעהן, איך וויל אויך, זי זאָל מיך נאָך איינמאָל זעהן ...

רופֿט זי, איך בעט אייך, פֿיהרט זי אַהער ...

זאָגט, איך קען נישט קומען ...

ער האָט אָנגעהויבען צו גוס׳ען ...

---

זייט דעם טאָג פֿון זיין לויה איז זי אַ יעדען פֿאַרנאַכט, ווי אַמאָל אין פּאַרק, אַזוי איצט אויף דעם בית עולם אַרויסגעגאַנגען, אַנידערגעזעצט זיך אויף זיין קבר און שווייגענדיג זיך פֿערקוטשט אויף דעם קליינעם בערגעל ערד, וואָס האָט איהר טייערסטעם געהאַלטען פֿערבאָרגען ... איהר האָט זיך געדאכט, אַז זיין איצטיג שווייגען איז ווי דאָס פֿון אַמאָל, ווען זיי פֿלעגען גאַנצע שעה׳ן אַרומבלאָנדזען אין די פּאַרקאַלעען און קיין וואָרט נישט גערעדט... נאָר פֿיהלען, פֿיהלט ער גאָך ווייטער, אויך דאָרט ...

און אַז דער זומער איז געקומען, פֿלעג זי מיטברענגען פֿרישע בלומען, געריסען אויף די הייליגע ערטער פֿון זייערע אַמאָליגע שפּאַציערען, היים זיי געקושט, מיט טרעהרען בעגאָסען און שווייגענדיג אַנידערגעלייגט אויף זיין קבר ...

דער זומער איז ווידער דורך, די אלול־טעג האָבען ווידער אָבגעטרעסעט די בלעטער פֿון די ביימער און געלאָזט וויענען די בלומען און דער יום־כפּור־טאָג האָט זיך ווידער דערנעהנטערט.

זי האָט זיך דערמאַנט אין דעם אָוועגד: מאָרגען וועל איך נישט קענען קו־מען... דאס ערשטע מאָל. דאס איז דער אָנהייב געווען... יום כפור איז פֿאַר איהם אַ גרויסער טאָג געווען, כאָטש פֿאַר איהר אַזאַ שווערער און דער אָנהייב פֿון איי־בינגע ליידען...

זי האָט אויך געהערט, אַז אין דעם טאָג דערמאַנט מען די נשמות פֿון די טויטע און מען צינדט אָן ליכט אין שוהל — און זי האָט געבראַכט אַ גרויס ליכט צום שמש און געבעטען, ער זאָל עס אָנצינדען צווישען אַנדערע — פֿאַר איהם, פֿאַר איהר איינציגען...

און זייט דעם יאָהר פֿלעג אַ גאַנצען יום כפור צווישען אַנדערע ליכט אין שוהל ציטערן נישט זיכער, ווי פֿרעמד אַ גרויס וויים ליכט, וואס עפּעס אַ׳ן אומ־בעקאַנטע פלעג ברעננען ...



# דער בריעף.

„...עס פעהלט מיר דאָ גאָרנישט. נאָר איך בענק צו דיר, מאַמע. ווי וואָלט איך דיך שוין געוואָלט זעהן! עס בעקומט מיר נישט דאס, וואָס איך האָב, אַז איך פיהל, אַז דו ביסט וויט פון מיר. אַלע האָבען מיך דאָ ליעב. נאָר דאס האַרץ וויינט אין מיר, איך פיהל מיך פרעמד, ווייל דו פעהלסט מיר, ליעבסטע מאַמע. שרייב מיר כאָטש אַ סך!

איך גריס און קוש דיך אַ סך מאָל און די שוועסטער מיט איהר מאַן — דיין געטרייער זוהן".

אויף דער וועלט, נור אין דער וועלט מוז מען אַרויס, אַז מען וויל פערדיע־נען — האט זיך אָנגערופען דער איידעם, וואָס האט הויך איבערגעלעזען דעם בריעף.

מזל מוז מען האָבען, אַ גוט האַרץ און גאָט העלפט — האָט איהם דאַרויף געזאָגט די אלמנה, וואס האָט געהאַלטען אין איין ווישען די טרעהרען, בשעת מען האָט געליינט דעם בריעף פון איהר זוהן.

אַ גוט קינד, וואָס ווערט נור איינמאָל אין הונדערט יאָהר געבוירען — האָט זי ווייטער אויסגעלויבט איהר זוהן — פאַרוואָס זאל איהם זיין שלעכט? אַלע האָבען איהם דאָרט ליעב. האָסטו נור געהערט, ווי ער בענקט אַהיים? עס בעקומט איהם נישט, שרייבט ער, עס בעקומט איהם נישט...

דער איידעם און די טאָכטער זענען באַלד אַריינגעגאַנגען אין זייער שלאָפצי־מער און די מוטער האט זיך תיכף געליינט אין בעט.

נאָר שלאָפען האָט זי נישט געקאָנט. אַז זי בעקומט אַ בריעף פון איהר איינ־ציגען זוהן, ליגט זי לאַנג, לאַנג, ביז אין שפעטער נאַכט און קלערט נאָך, איבער־חזר'נדיג אין די געדאַנקען איעדעס וואָרט, וואָס זי האָט פון דעם בריעף געהערט.

זעקס יאָהר איז זי שוין אַ'ן אלמנה. דער מאַן האָט זי איבערגעלאָזט אַזוי נאַנט ווי אויפ'ן ים, אָהן אַ שטיקעל ברויט אין שטוב, מיט די צוויי קינדער, וואס זענען נאך דעמאָלט גאָר יונגע געוועזן. היינט האָט זי שוין דער טאָכטער חתונה גע־מאַכט, כאָטש עס געהט איהר איצט אויך נישט ווי אַמבעסטען... דאָס אַנדערע

קינד האָט געמוזט אַוועק ווייט איבער דעם ים, דאָרט זוכען ברויט. און זיין ליעבער נאָמען האָט געהאָלפען, ער פערדיענט ב״ה גאַנץ שעהן, ער פערגעסט אויך נישט אן דער קראַנקער מאַמע און שיקט איהר יעדעסמאָל צו געלד פון דאָרט.

ווי ער בענקט נעביך, ווי ער בענקט — האָט זי זיך שטילערהייד געחזרט און דאָס האַרץ האט אין איהר געוויינט. ער פיהלט זיך דאָרט פרעמד, כאָטש אַלע האָבען איהם ליעב, ווייל די מאַמע פעהלט איהם. צו יונג האט איהם דאס מזל פון איהר אַוועקגעריסען!... זענען דען אַנדערע קינדער אויך אַזוי? אַז עס געהט זיי גוט, פערגעסען זיי אפילו אין דער אייגענער מאַמע אויך... און ער שיקט אַליץ עפּטער צו געלד אין בעט אָן די מוטער, זי זאָל זיך גאָר נישט זשאַלעווען און אַכטונג געבען אויף זיך... ווי האט זי איהם דערפאַר ליעב און ווי זעהר וואלט זי איהם גער־וואָלט איצט זעהן...

יעדען טאָג פלעג זי אַנטקעגענען געהן דעם בריעפטרעגער און נאָכפרעגען צי ס׳איז עפּעס דאָ פון איהר קינד. זי קען נישט לעזען. דער איידעם פלעג איהר הויך די בריעף לייענען גאַנץ פריה, אָדער ביי נאַכט, ווען ער פלעג אַהיימקומען פון דער אַרבייט, און דאס איז איהר איינציגע טרייסט געוועזען, דער איינציגער שטערן, וואס האָט איהר געלייכט אין דעם פינסטערען לעבען, וואס זי האָט איצט געפיהרט.

און בשורות טובות, לויטער בשורות טובות זענען געגאַנגען איבער דעם ים פון דעם ווייטען זוהן צו דער קראַנקער מוטער. איין בריעף שעהנער פון דעם אַנדערען...

מזל טוב! מזל טוב! — האט אָנגעהויבען איינמאָל ווינשעווען דער איידעם נאָכדעם, ווי ער האָט דורכגעליינט אַ פרישען, לאַנגען בריעף.

דער זוהן האָט דארט חתונה געהאַט. גליקליך, נאָר גליקליך איז ער! נאָר איצט קען ער שוין מעהר נישט, ער האַלט עס שוין דאָרט נישט אויס! מיט זיין גליק מוז ער זיך מיט זיין מוטער טיילען, ער קומט מיט זיין יונגער פרוי אַהיים.

אין שטוב איז געוואָרען לעכטיג און פריילין, ווי יום־טוב׳דיג. אַ דאָפּעלטע שמחה. ער האָט חתונה געהאַט און קומט אהיים.

ער קומט אַהיים! אַהיים מיט דעם ווייב — האט זיך דער אַלמנה׳ס האַרץ געפרייט — איהר זוהן, דאס בחור׳ל, אַ קינד נאָך געוועזן, היינט קומט ער אַהיים מיט אַ יונגער פרוי. באַלד, באַלד איז ער דאָ!...

און זי האָט זיך איצט נאָך שטאַרקער פערבענקט נאָך איהם. עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז זי האט איהם גאָר ליעבער בעקומען, ווי תמיד... ווי וואָלט זי איהם שוין געוואָלט זעהן! היינט, תיכף, שוין!... און ער מוז דאָך נאָך אַזאַ גרויסען ים אַריבערשווימען. דאס וועט דויערן און אַ יעדער טאָג וועט זיך איהר אויסווייזען אַ יאָהר...

און פֿון דעם טאָג אָן פֿלעגט זי גאַנץ, גאַנץ פֿריה אויפֿשטעהן און אַנטקעגנער־לויפֿען דעם בריעפֿטרעגער און פֿול האָפֿנונג און ערוואַרטונג אַ פֿרעג טהון:

דאָ עפּעס פֿאַר מיר?

גאָר נישט!

און היינט איז שוין דאָ?

נישטאָ!

ער שרייבט נישט, ווייל ער פֿאָהרט דאָך שוין — האָט זי זיך אַליין גע־טרייסט. נאָר נאָכפֿרעגען פֿלעגט זי אַלץ ווייטער אויף אַ בריעף און דער בריעפֿטרע־גער פֿלעגט אַלץ יעדען טאג איבערחזר'ן דאָסזעלבע „נישטאָ".

ער האָט דאָך יאָ געקאָנט שרייבען! — פֿלעגט זי זיך ווידער אַליין איבערפֿרע־גען, אַז די געדאַנקען האָבען זי נישט געלאָזט צו רוה און דאָס האַרץ האָט זיך עפּעס אַזוי וואונדערליך געריסען, אָדער, ווען ער איז תיכף אַרויסגעפֿאָהרען, האָט ער דאָך שוין געדאַרפֿט זיין דאָ?...

נאָר ענטפֿערן האָט איהר קיינער נישט געקאָנט... אַ גאַנצען טאָג פֿלעגט זי שטעהן ביים פֿענסטער און אַרויסקוקען, צי אָט, אָט קומט ער נישט אומפֿערהאָפֿט צו פֿאָהרען... נאָר פּאַוואָלי האָבען זיך די טעג געצויגען, איינער נאָך דעם אַנדע־רען און נישט קיין בריעף נישט ער איז געקומען.

נישט איינמאָל פֿלעגט זי אַראָב ביי נאַכט פֿון דעם בעט און צולויפֿען צו דער טהיר, ווייל עס האָט זיך איהר געדאַכט, אַז מען קלאַפּט דאָרט, נאָר שטיל און טרויריג פֿלעגט זי זיך ווידער אומקעהרען אין איהר געלעגער און אַריינפֿאַלען אין די אָרעם פֿון די ביטערסטע חלומות...

ער וועט אודאי היינט מאָרגען קומען — האָבען זי בערוהיגט די טאָכטער מיט דעם איידעם — און אפילו אַז ער האָט געשריבען, מאַכט זיך אַמאָל, אַז דער בריעף ווערט פֿערוואָרפֿען און מען גיט איהם שפּעטער אָב. נאָר נאָך וואָס האָט ער איינגענטליך בעדאַרפֿט שרייבען, אַז ער איז שוין אַרויסגעפֿאָהרען? עס טרעפֿט זיך אויך, אַז אַ שיף געהט אַ פּאָר טאָג לענגער. דויערט עס נאָך אַביסעל.

עס זענען אָבער דורך נאָך אַ פּאָר טאָג, שוין די פֿינפֿטע וואָך און ווייטער נישט קיין בריעף, נישט ער...

— היינט איז דאָ! — האָט ענדליך איינמאָל אַ תשובה געגעבען דער בריעפֿ־טרעגער אין דערלאַנגט איהר אַ בריעף.

דאָס האַרץ האָט איהר שטאַרק אָנגעהויבען צו קלאָפּען, זי האָט ציטערדיג אויסגעשטרעקט די האַנד נאָך דעם בריעף און שנעל אָנגעהויבען אַהיים לויפֿען.

דער בריעף אָבער האָט איהר אויסגעוויזען עפּעס אַנדערש, ווי אַלע מאָל. לע־זען האָט זי דאָך נישט געקענט, נאָר די צורה פֿון די אותיות איז איהר פֿאָרגעקו־

מען ווי עפּעס אַ'ן אַנדערע, עפּעס אַזוי פֿרעמד... דאָ האָסטו אַ בריעף! — איז זי אַריין אָהן אַ'ן אָטעם אין שטוב — היינט נישט אומזיסט געוואַרט...

דער איידעם האָט גענומען דעם בריעף אין דער האַנד און געמאַכט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיך פֿערחידוש'ט, אַז ער האָט אַ קוק געטהון אויף דער קופּערט.

איינגעהאַלטען דעם דעך, האט די מוטער געוואַרט, ער זאָל זיך נעהמען ליינען.

דער איידעם האָט אַ בליק געטהון אין בריעף און בלאַס געוואָרען ווי אַ מת.

וואָס איז דיר? וואָס ליינסטו נישט? — האָט זי אַ שריי געטהון און דאס קול איהרס האָט אַזוי משוגה'דיג געקלינגען.

גאָרנישט!

פֿאַרוואָסזשע ליינסטו נאָך נישט!

„מיין טייערסטע מאַמע! — האָט ער אָנגעהויבען פּאַוואָלי, וואָרט ביי וואָרט — איך האָב נישט געקאָנט... אַרויספֿאָהרען... ווייל איך... ווייל איך בין געווען... שטאַרק פֿערנומען... געשעפֿטליך... איך מוז דאָ נאָך... איבערבלייבען אַ... לענגערע צייט..."

וואָס ליינסטו אַזוי פּאַוואָלי?

„איך פֿיהל מיך גליקליך און צופֿריעדען... ווי תמיד... זייט מיר מוחל, וואָס כ'האָב ביז היינט נישט געשריבען... און וואָס איך שרייב אַזוי ווינציג... איך בענק זעהר... ווייטער. איך גריס און קוש דיך אַ סך מאָל, דיין געטרייער זוהן."

ער האָט איבערגעליינט און אין שטוב איז שטיל געוואָרען, ווי אין אַ קבר. ער האָט גאָרנישט געזאָגט דאַרויף, די מוטער האָט גאָרנישט איבערגעפֿרעגט און אַלע האָבען אַ צייט לאַנג געשוויגען.

זעהט איהר, שווינער — האָט זיך דער איידעם נאָך אַ לאַנגער רגע אָנגערופֿען — ווי איך האב אייך געזאָגט, דער בריעף האָט שוין גאַנץ זיכער פֿריהער בעדאַרפֿט דאָ צו זיין. מען האָט איהם אודאי פֿערוואָרפֿען און היינט ערשט אָבגעגעבען.

נאָר זי האָט ווייטער געשוויגען, גלייך זי וואָלט גאָרנישט געהערט, וואָס מען רעדט צו'ן איהר.

איז דאָס נישט ווי עפּעס אַ'ן אַנדער כתב? — האָט זי נאָך אַ רגע שטיל אַ פֿרעג געטהון.

ניין, ניין, דאָס איז אודאי אין איילעניש געשריבען.

פֿאַרוואָסזשע עפּעס דאַכט זיך מיר —

דאָס ווייזט נור אַזוי אויס.

און זי איז ווידער אַנטשוויגען געוואָרען, גלייך זיין תשובה, דער תירוץ וואָלט איהר איינגעאַנגען פֿאַר גלייך...

שוין נאָך שלושים!... — האָט זיך שטיל אָנגערופֿען דער איידעם צו זיין ווייב, אַז די מוטער איז אויף אַ מינוט אַרויסגעגאַנגען.

די שוועסטער איז אַרומגעלאָפֿען אין שטוב, ווי אַראָב פֿון דעם זין, זי האָט געוויינט, געקלאָגט, די האָר זיך געריסען...

האַלט זיך דאָך איין — האט זי דער מאַן געבעטען — דו ווילסט, די מאַמע זאָל דערקענען?... וויש דיר אָב די טרעהרען, דו ווייסט דאָך, אַז די מאַמע איז אַ קראַנקע און ווען זי ווערט חלילה געוואָהר!...

וואָס פֿאַר אומגליק, ווי שרעקליך, וויאַזוי איז דאָס געווען, וויאַזוי?! — האָט זי פֿערביטערט געשריגען, געווישט זיך די טרעהרען און געפּריפּט איינהאַלטען דאָס וויינען.

דאָס גאַנצע שיף! אַלע! — האָט איהר דער מאַן שטיל געענטפֿערט — און ע ר דאַרונטער.

די שוועסטער האָט ווידער אויסגעבראָכען אין א געוויין און אַז די טהיר האָט זיך אויפֿגעמאַכט און די מוטער איז פּאַוואָלי אַריינגעקומען, איז זי שנעל צו צום פֿענסטער, ווי אַרויסגעקוקט, דערשטיקט דאס וויינען און געטריקענט זיך די טרעהרען.

נאָר די מוטער האט געהאַט דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזט צו דער ערד און געשוויגען, קיינער פֿון זיי האָט גאָרנישט מעהר איבערגעפֿרעגט, קיינער האָט נישט אָנגעהויבען קיין שמועס.

אַזוי אין שווייגען האָט זיך דער גאַנצער טאָג געצויגען און אַ טיעפֿע טרויער האָט זיך אַראָבגעלאָזט, פֿערשפּרייט די פֿליגעל איבער דער גאַנצער שטוב, אָנגעהאָנגען זיך אָן די ווענד, געזעצט זיך אין אַלע ווינקעלעך און אויסגעפֿולט די גאַנצע לופֿט...

ביי נאַכט, ווען די טאָכטער מיט איהר מאַן זענען שוין געשלאָפֿען, איז די מוטער שטילערהייד אַראָבגעגאַנגען פֿון איהר בעט, געזוכט אין דעם איידעם'ס קעשענעס, אַרויסגענומען דעם בריעף און בעהאַלטען איהם ביי זיך, הינטער דעם קישען.

דעם אַנדערען טאָג, אַז זי איז געווען אַליין אין שטוב, האָט זי איהם ציטערדיג אויפֿגעמאַכט און אַריינגעקוקט... גאָרנישט, נאָר שטרעכעלעך האָט זי אין איהם געזעהן, זיי האָבען איהר אָבער אויסגעוויזען אַזוי פֿרעמד, אַזוי מין האַלט, גלייך דער טויט אַליין וואָלט מיט זיין אייגענער האַנד דאָ די דאָזיגע צייכענס געשריבען... פֿאַרוואָס האָט זי דאס נישט געפֿיהלט, אַז זי האָט אַריינגעקוקט אין אַ פֿריהערדיגען בריעף, פֿאַרוואָס?... און זי האט זיך אַזוי געשראָקען, אויפֿ'ן האַרץ איז איהר אַזוי שווער געווען און דאס האַרץ זאָגט דאָך דעם אמת, עס פֿיהלט דעם אמת...

האָט איהר נישט נעזעהן, דאָ ערגיץ, דעם בריעף, דעם לעצטען? — האָט דער איידעם הויך אין שטוב אַ פֿרעג געטהון, ווען ער האָט דעם בריעף ביי זיך נישט געטראָפֿען.



ניין! — האָט זיין ווייב געענטפערט און די מוטער האָט געשוויגען.

איך פערשטעה ניִשט, ער מוז דאָך דאָ ערגיץ זיין, אין שטוב. איהר האָט נישט געזעהן? — האט ער ווייטער געפרעגט ווי בכלל און געמיינט דאַמיט די שוויגער.

וואָס דאַרפסטו אַזוי דעם בריעף? — האָט זי מיט אַ שוואַך קול איהם איצט אַ פרעג געטהון און ווי דורכגעשטאָכען מיט די אויגען.

וואָס הייסט? אַזוי, דעם אַדרעס — האָט ער זיך ווי פערענטפערט און אַראָב־געלאזט די אויגען צו דער ערד, נישט קענענדיג אויסהאַלטען דעם קוק פון דער שוויגער. און זי האט ווייטער געשוויגען.

זעהענדיג, אַז די מוטער דערמאַנט נישט מעהר בכלל דעם בריעף, איז דער איידעם געווען רוהיג און אַ יעדע וואָך פלעג ער איצט אָנשרייבען אַליין אַ בריעף, אָבשיקען מיט דער פּאָסט, כדי דער בריעפטרעגער זאָל איהם ברענגען און דאַנאָך איהם אַליין פאַר דער שוויגער לייענען.

און זי פלעג אַלעס שווייגענדיג אויסהערען, גאָרנישט קיינמאָל איבערגעפרעגט, גלייך זי וואלט אַלעמען געגלייבט.

און באמת האט זי געפריפט וועלען אַלעמען גלייבען. פאַרוואָס זאָל דאָס אַלעס נישט זיין אמת, וואָס ער לייענט — האט זי זיך געוואלט איינרעדען — האָט דען געמוזט עפּעס געשעהן?... דאָס האַרץ איז איהר שווער, נאָר צי זאָגט דען דאס האַרץ תמיד דעם אמת? עס קען דאָך נור זיין אַן איינרעדעניש.

איינמאָל אַפילו האט זי אַ פריילינכען שמייכעל געטהון, ווען ער האָט איהר געלייענט פון דעם זוהנ׳ס גליק און צופריעדענהייט...

דער בריעף אָבער, וואס זי האָט איהם געטראָגען אַ גאַנצען טאג ביי זיך אויף דער ברוסט, האט זי אַזוי שווער געדרוקט און פערכמאַרעט אַ יעדע רגע, וואָס זי האָט נור אַ לעבטיגערען געדאַנק געבוירען.

אָט דאָ, אין די ווערטער, וואס זי זעהט נור און קען נישט לייענען, אָט דאָ ליגט עפּעס אַ סוד! — האט זי געפיהלט, אַז זי האט נור דעם בריעף אויפגעמאַכט און אַריינגעקוקט — דאָ ליגט דער גאַנצער פינסטערער סוד, פאַר וועלכען זי האָט אַזוי מורא!...

זי האָט זיך געראַנגעלט, מלחמה געפיהרט מיט זיך אַליין, ביז ענדליך האָט זי דערפיהלט אין זיך גענוג כוח, זי זאָל קענען אויסהערען, געוואָהר ווערען דאס אַרגסטע, דאס שרעקליכסטע, וואס קען נור זיין — און זי האט אַרויסגענומען דעם בריעף און, אַ פערצווייפעלטע, געלאָזט זיך אין גאַס, צום שכן, ער זאָל איהם איהר אִי־בערליינען...



איך מוז! — האט זי זיך איבער דעם גאַנצען וועג געחזר'ט — איך מוז, איך בין דאָך אַ מאַמע!...

נאָר פאַר דעם שכנ'ים טהיר האָט זי עפּעס אַזאַ מין מורא אַרומגעכאַפּט, אַז זי האט נישט געקענט קיין טריט טהון ווייטער. זי האָט אָנגעהויבען צו ציטערן אויף דעם גאַנצען לייב. גלייך דער טויט אַליין וואָלט זיך איהר דאָ אַנטקעגענגעשטעלט און דעם וועג פערמאַכט... זי האט געפיהלט, אַז זי קען נישט, זי טאָר נישט ווייטער און — זי האט זיך אומגעקעהרט...

דעם בריעף האָט זי אַריינגעלייגט אין אַ פרישער קופערט און פערקלעבט.

דאָ ליגט דער סוד, דער טויטליכער סוד, פאַר וועלכען זי האָט אַזוי מורא דאָ, פערמאַכט אויף תמיד, ווי אַ קבר...

זייט דער צייט האט זי איהם מעהר נישט געעפענט. ביי טאָג פלעגט זי איהם טראגען אין איהר בוזעם און ביי נאַכט בעהאַלטען הינטער דעם קישען.

גאַנצע טעג איז זי איצט אומגעגאַנגען פערדומעט, נישט רעדענדיג צו קיינעם קיין וואָרט און גאַנצע נעכט איז זי איבערגעלעגען אויף דעם געלעגער און נישט צוגעמאַכט קיין אויג.

זי איז קראַנקער געוואָרען ווי פריהער, שוואַך, מיט יעדען טאָג אַליין מעהר אַראָב פון די כוחות און קיינער, קיין שום מיטלען האָבען דאָ נישט געקאָנט העלפען. וואס זי האָט אין זיך פערשלאָסען געטראָגען, איז איהר מלאך המות געוועזן...

ביז איהר שעה האָט געשלאָגען און די טאָכטער, אַריינקומענדיג צו'ן איהר איינמאָל אין שטוב גאַנץ פריה, האָט זי זי געטראָפען טויט ליגען אין בעט מיט אַ לייכטען שמייכעל, וואס איז איהר פערקיהלט געוואָרען אויף די ליפען. גלייך זי וואלט אין דער לעצטער מינוט עפּעס טייער'ס דערזעהן און זיך דאַמיט דערפרייט...

און אין דער קאַלטער האַנד האָט זי געהאַלטען שטאַרק צוגעדרוקט דעם פערמאַכטען בריעף...





# פערזאנען:

דער פאטער.
די מוטער.
זייער טאכטער.
דער טאכטערס חבר'טע.

---

די צייט: היינט.

---





(דאס צימער פֿון דער טאכטער. די איינריכטונג דאַרין טראָגט אויף זיך דעם סימן פֿון אַ'ן אייגענאַרטיגען כאַראַקטער. אין די ווינקלען פֿון דער שטוב קליינע טישלעך, אויף וועלכע עס שטעהען הויכע, שמאָלע קעלכען מיט בלומען אין וואַסער. אין איין ווינקעל, נאָהנט ביים פֿענסטער, אַ גרעסער טישעל מיט אַ זאָפֿאַ און צוויי סאַלאָנפֿאָטעלס. אויף דעם טישעל צעוואָרפֿען אַ פאָר ביכלעך און אַ קעלך מיט פֿערמאַכטע קנאָספען און צעבליהטע רויזען. אויף די וואַנד עטליכע קליינערע בילדלעך און צוויי גרעסערע, פֿון וועלכע איינס שטעלט פאָר אַ גרינע לאַנדשאַפֿט אין פֿריהלינג; דער שטורם הענגט אין די לופֿטען. אויף דעם אַנדערען זעהט מען אַ בלאַסע פֿרוי ביים ברעג פֿון ים. אירע אויגען דרוקען אויס בענקשאַפֿט און ליידען, די הענד ווייט, ווי נאָך עמיצען אויסגעשטרעקט. הינטער איהר אַ שאָטען, וואָס, דאַכט זיך, וויל זי אַרומנעהמען און פֿערהילען.

צוויי טהירען; איינע צו די וויטערע צימערן, די אַנדערע אַ דרויסענטהיער. שפעטער זומערנאָכמיטאָג.)

די מוטער: (מאַכט לייכט אויף די שטובענטהיר און קוקט אַריין אין שטובעל. נישט זעהענדיג קיינעם, קומט זי אַריין. זי בלייבט שטעהן אינמיטען שטוב, אַרומקוקענדיג זיך און בעטראַכטענדיג אַלעס, ווי זי וואָלט דאַפֿון געוואָלט עפעס אַרויסלייענען... זי זעצט זיך אויף דעם זאָפֿאַ און פֿערקוקט זיך פֿערטראַכט אויף די רויזען אויף דעם טישעל).

(נאָך אַ לאַנגער רגע מאַכט זיך די טהיר ווידער לייכט אויף).

דער פֿאָטער: (קומט אַריין און בלייבט שטעהן ביי דער טהיר).

די מוטער: (שפרינגט אויף פֿון דעם זאָפֿאַ און לויפֿט אַנטקעגען). נו, וואָס?

דער פֿאָטער: (אוועקוקענדיג אין אַ זייט). ס'איז אמת...

די מוטער: (פֿערברעכענדיג די הענד). אמת?! וויאַזוי, אַך! שוין זיכער? גאַנץ זיכער?

דער פֿאָטער: יאָ.

(אַ רגע שטילשווייגען).

די מוטער: (פֿערצווייפֿעלט). וואס טהוט מען איצט?

דער פֿאַטער: פֿערפֿאַלען!



די מוטער: אָך דו, דו...
דער פּאָטער: וואָס, איך?
די מוטער: יאָ, דו! דו האסט דארין אַ חלק... איינגעשפּארט זיך, נישט געוואלט נאָכגעבען, אין דער לעצטער מינוט ערשט —
דער פּאָטער: ווער האָט דען געוואוסט, אז דאס איז די לעצטע מינוט?
די מוטער: אָבער פאַרוואָס נישט תיכף, פאַרוואס? דעם קינדס גליק איז מיר מעהר, ווי —
דער פּאָטער: שטיל!... פערפאַלען...
(אַ לאַנגע רגע שווייגען. דער פּאָטער ריהרט זיך נישט פון אָרט, די מוטער געהט אַרום אין שטוב אַהין און צוריק).
דער פּאָטער: וואו איז זי?
די מוטער: איך וויים נישט.
דער פּאָטער: זי האָט דיר נישט געזאָגט, וואוהין זי איז געגאַנגען?
די מוטער: איך האב נישט געזעהן, ווען.
דער פּאָטער: (ווי נישט וויסענדיג חזרט איבער דיזעלבע פראַגע). וואוהין איז זי?
די מוטער: (שווייגט).
דער פּאָטער: זי ווייסט אפשר?
די מוטער: פון וואַנען? ניין.
דער פּאָטער: זי פיהלט עפעס?...
די מוטער: (אומקוקענדיג זיך אין שטוב) דאפאר האָב איך מורא...
(ווידער שווייגעןביידע אַ רגע).
דער פּאָטער: אפשר דאַרף מען —
די מוטער: וואָס?
דער פּאָטער: מען דאַרף איהר אפשר —
די מוטער: זאָגען?
דער פּאָטער: יאָ.
די מוצער: האַ! דו וועסט זאָגען?
דער פּאָטער: מען מוז אָבער!
די מוטער: מען מוז, מען מוז... איך וויים, נאָר ווי טהוט מען דאָס? איך קען נישט. זי האָט זיך מיר שוין היינט אין דעם איינעם טאָג אזוי פערביטען, אין דעם האַלבען טאָג. כאָטש זי האָט דאָך גאָר נישט געהערט; עס האָט איהר דאָך קיינער גאָרנישט דערצעהלט. אפשר?... ניין, איך קען נישט...
דער פּאָטער: שטיל! איך הער געהן...

די מוטער: זי איז'ס!

דער פֿאָטער: איך געה, בלייב דאָ.

די מוטער: (פֿיהרט אַ רגע מיט זיך מלחמה). ניין, וואַרט! איך געה אויך. איך קען נישט.

דער פֿאָטער: דו מוזסט דאָך!...

די מוטער: ניין, ניין, איך קען נישט! איך געה...

(פֿאָטער און מוטער געהען אַרויס מיט דער זייטענטהיר. מיט דער דרויסענ־טהיר קומט אָן די טאָכטער מיט דער חבר'טע).

די טאָכטער: (ווי זי קומט נור אַריין אין שטוב, בלייבט זי שטעהן און קוקט זיך אום, וועהרענד איהר חבר'טע האט זיך שוין בעקוועם געמאַכט און זיך אַנידער־געזעצט). עס איז עמיצער געווען דאָ איצט אין מיין שטוב... (ווי זי וואָלט אויפֿגע־כאַפּט אַ פֿערקלינגען בת קול פֿון רייד). מען האָט גערעדט דאָ... (זי געהט צו צו דער טהיער, דורך וועלכער פֿאָטער און מוטער זענען אַרויסגעגאַנגען, וויל אויפֿמאַכען, נאָר זי האַלט זיך צוריק. זי טהוט אויס דעם הוט. געהט צו צום פֿענסטער און מאַכט דאַנאָך אַ פּאָר שריט איבער דער שטוב. אַראָבהענגענדיג צו דער ערד פֿער־טראַכט דעם קאָפּ).

די חבר'טע: וואָסזשע האָסטו דיך פֿערטראַכט? זעץ דיך.

די טאָכטער: (קומט צו צום טישעל). עס פּלאָגען מיך עפּעס אַזאָלכע וואונ־דערליכע געדאַנקען...

די חברטע: זעץ דיך נור! איך קען דיך שוין גוט.

די טאָכטער: (מיט אַ קאַלטען שמייכעל). נאָך נישט אינגאַנצען... (זי בייגט זיך צו צו די רויזען און שמעקט צו זיי). און גראָד היינט. איך וייס נישט, היינט קומט מיר אַלעס עפּעס אַזוי משונה'דיג פֿאָר. אַלעס דאַכט זיך מיר רעדט צו מיר און איך הער. נאָר כ'פֿערשטעה נישט גוט. און דאָס בעקלעמט מיר אַזוי דאס האַרץ... אַך, זעה נור. (איין רויז, וועלכע זי האט בעריהרט האט זיך צעשיט). ערשט נעכ־טען האָב איך זי פֿון איהם דורך אַ שליח בעקומען און היינט שוין פֿערוויענעט... צו ענג אודאי געווען... (זי נעהמט צוויי רויזען פֿון דעם קעלך און טראָגט זיי אין אַן אַנדערען צו דעם ווינקעלטישעל.)

די חבר'טע: (שמייכלענדיג, וויל אַראָבברענגען דעם שמועס פֿון דעם אָנגענו־מענעם וועג). דו שפּיעלסט דיך מיט דיינע בלומען ווי מיט קינדער. דו וועסט זיין אַמאָל אַ גוטע, צערטליכע מאַמע...

די טאָכטער: יאָ, וואָלט איך אויף אַזאַ אופן בעדאַרפֿט מיינע קינדער אין זייער שענסטער, בליהענדסטער יוגענד אומברענגען. זעה נור די קנאָספּען דאָ. די האָב איך אַליין געכאָוועט אין מיין גאָרטען און היינט אין דער פֿריה, זעה, נאָך

האַלב פֿערמאַכטע קנאָספּען, האָב איך זיי אָבגעשניטען ... (אַ רגע שווייגען, זי איז בעשעפֿטיגט מיט די בלומען, זי קומט צוריק צום טישעל צו דער חבר׳טע) דו ווייסט, עס טרעפֿט זיך מיר אָפֿט, אַז איך קום אין גאָרטען און דערנעהנטער מיך מיט דעם מעסער אין דער האַנד צו די בלומען, אַזוי דאַכט זיך מיר, אַז אַ טייל פֿון זיי ציטערן לייכט, ווי זיי וואָלטען אַרויסגעפֿיהלט, אַז איך געה זיי שניידען ... עפּעס אַזוי, ווי דאָס מאָרגענווינטעל וואָלט זיי די טרויריגע בשורה געבראַכט, נאָך איידער איך בין אין גאָרטען געקומען, נישט איינמאָל שרעקט עס מיך אָב; איך בעהאַלט דאס מעסער און פערלאָז דעם גאָרטען ...

(ביידע שווייגען אַ רגע).

די חבר׳טע: (וואָס האָט זיך געדאַכט אַ רגע אָבשטעלען אין די גדאַנקען ביי יענערס רייד). קום נור, זעץ דיך נעבען מיר!

די טאָכטער: (זעצט זיך נעבען דער חבר׳טע אויפ׳ן זאָפֿאַ. נאָך אַ רגע). זאָג נור, פֿיהלסט אויך אַמאָל, עפּעס אַזאָלכ׳ס, וואָס דו קענסט עס נישט אַליין פֿער־שטעהן ... עפּעס בעדרוקט דיך, עפּעס מוטשעט דיך, דו ווייסט נישט וואס און דאָך דאַכט זיך דיר, אַז אַלעס אַרום דיר ווייסט שוין עפּעס ... דו דערקענסט דאָס דורך סימנים, וואס נישט דיינע אויגען זעהען זיי, נאָר דו פֿיהלסט זיי אַרויס. עפּעס קלייניג־קייטען, איבער וועלכע דו וואלסט אפשר אַ׳ן אַנדערט מאָל גלייכגילטיג דורכגעגאַנ־גען און זיי פֿערזעהן, אין דער דאָזיגער מינוט אָבער ווערט אַלעס גרויס, ריעזענגרויס, ווייל ווי פֿון אַ סוד פֿערהילט און דאָס מישט זיך אוים מיט דעם פֿינסטערען גע־פֿיהל, וואס דו האָסט געבוירען און דו פֿיהלסט דיך אַנטקעגען דעם אַלעמען שוואַך, אַרומגערינגעלט און בעצווינגען ...

די חבר׳טע: מען פֿיהלט. אמת, מען בעקומט אָפֿט מורא פֿאַר עפּעס, וואס מען קען עס נישט. נאָר ווי אָפֿט אָבער ווייזט זיך אַרויס, אַז ס׳איז גאָרנישט, אַז ס׳איז געווען נור עפּעס אַ מין איבערפֿיהלען זיך, נאָר אַ׳ן איינבילדונג.

די טאָכטער: ס׳קען זיין, דו האסט רעכט. עס ווייזט זיך אַרויס זאָגסטו, אַז ס׳איז גאָרנישט. עס ו ו י י ז ט זיך אבער נור אַרויס, דאס הייסט, דו זעהסט גאָר נישט קיין פֿאָלגען, וואס מען זאָל זיי קענען אָנטאַפּען, קיין ממשות׳דיגע פֿאָלגען. דו פֿיהלסט דיך געזונד, אַרום דיר קיין נייעס, קיין אומגליק ... יאָ, פֿון וואַנען אָבער קענסטו וויסען, אַז ערגיץ, ערגיץ, וואוהין דיין שוואַך אויג קען נישט דערגרייכען, אַז דאָרט ערגעץ שטאַרבען דיר נישט אָב וועלטען, וואס דו האָסט זיי נאָך קיינמאָל נישט געזעהן, וועלטען, וואס האָבען זיך דיר נאָך נישט בעוויזען, אָבער ד י י נ ע זע־נען זיי דאָך געווען, אין דער מינוט אָבער געהען זיי פֿאַר דיר שוין אויף תמיד פֿער־לוירען, פֿערפֿאַלען און דאָס האַרץ דיינס, וואָס האט פֿון זיי יאָ עפּעס אַ טונקעל גע־פֿיהל נעהאַט, גיט דיר צו וויסען, אַז ס׳איז ע ר ג י ץ ע פּ ע ס ג ע ש ע ה ן ...



די חבר'טע: אַזוי ווייט... אפשר...

די טאָכטער: אפשר?... און ביי מיר איז דאס עפּעס אַזוי, גלייך דאָ וואלט קיין ספק נישט געווען... ווי ווייט איך דערמאַן מיך, ווי ווייט איך בלעטער צוריק אין די געדאַנקען די פֿערגאַנגענע יאָהרען, דערמאַן איך מיך אָן אַזאָלכע מינוטען, אין וועלכע עס איז מיר אַלץ עפּעס פֿערלווירען געגאַנגען, כאָטש איך וויים נישט וואָס... נאָר דאס וויים איך זיכער, אַז ס'וועט נישט מעהר קומען דאָס, וואס האט געדאַרפֿט קומען און וואָס איז מיר דעמאָלט אָבגעשטאָרבען...

די חבר'טע: (גלעט איהר לייכט די האָר). דו ביסט קראַנק, מיין ליעבע...

די טאָכטער: קראַנק?... און אפשר טאַקע נור, אז מען איז קראַנק, אַזוי ווי איך, זעהט מען און מען פֿיהלט דאָס און די געזונדע פֿערזעהען עס...

די חבר'טע: וואָס שאַדט דען, אַז מען פֿערזעהט?

די טאָכטער: דאָס, וואָס ווערט פֿערזעהען עקזיסטירט אָבער דאָך...

די חבר'טע: מען פֿערזעהט אָבער און פֿערליערט דאָס, וואס מען האט קיינמאָל נישט געהאַט.

די טאָכטער: מען פֿערליערט דאָס, וואָס מען האָט געקענט און געדאַרפֿט האָבען, און ווער ווייסט, ווי גרויס און הייליג דאס איז דאָך געווען! דו קענסט דאָך נישט וויסען, אז דאס, וואס דו האָסט פֿערלווירען, איז נישט מעהר ווערט פֿון די אַלע גיטער, וואָס דו האסט. און ווען דו ווייסט וואס, וואָלסטו אפשר אַלעס אַוועקגעגעבען, עָס זאָל נור קומען דאָס, וואס האָט געדאַרפֿט קומען און וואָס דו האָסט, דו ווייסט נישט פֿאַרוואָס, פֿערלווירען...

די חבר'טע: איך וויים נישט... עס טרעפֿט זיך דאך, איך האָב אַמאָל עפּעס אַ געפֿיהל, אַ פֿינסטערע פֿאָראַהנונג, נאָר, איז זיך דאַפֿון שפּעטער גאָרנישט מקוים, מוז איך דאָך פֿריילין זיין און אויסלאַכען מיין פֿריהערדיגען שרעק. אַזוי ווייט אָבער קלער איך נישט נאָך, צי עס קען מיר עפּעס שלעכט'ס געשעהן ערגיצוואו, פֿון וואַנען איך האָב קיין שום אַהנונג.

די טאָכטער: דו האָסט זי דאָך יאָ!

די חבר'טע. נאָר ממשות'דיג זעה איך און פֿיהל גאָרנישט; וואו איז דער שאָדען?

די טאָכטער: דאָס נעהמט זיך אָבער צוזאַמען אין גיעט אַ פֿאַרב דעם גאַנצען לעבען...

די חבר'טע: אויף אַזא אופן שפּיעלט זיך אָב איבער מיר אַ'ן אַנדער לעבען?

די טאָכטער: זאָל זיין אַ'ן אַנדער לעבען, ווי דו רופֿסט דאָס אָן, נאָר דיינס איז מיט דעם אַנדערען אַזוי פֿעסט געבונדען, כאָטש דו ווייסט דאַפֿון נישט.

(ביידע שווייגען אַ רגע).



◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆

די טאָכטער: ווי כ'האָב דיר געזאָגט, אַז איך קוק צוריק אין די פֿערגאַנגענע יאָהרען, טרעף איך אַ גאַנצע רייהע אַזאָלכע מינוטען, וואס האָבען מיר פֿערקינדיגט עפּעס, וואָס איז איבער מיר געשעהן, עפּעס אַ'ן אָבשטאַרבען, אַ טויט פֿון עפּעס, וואס איז מיר אודאי לעבעדיג נישט בעשערט געווען... און דאָס האט זיך אַזוי צו־נויפֿגענומען און איצט, איך ווייס נישט, ווי איך זאָל דיר דאס אָנרופֿען, איך פֿיהל מיך ווי געצוואונגען אין קייטען פֿון כוחות, וואָס זענען איבער מיר און שטאַרקער פֿון מיר...

די חבר'טע: דו ביסט קראַנק... דו האָסט אַ קראַנקע נשמה...

די טאָכטער: (מיט אַ ביטערען שמייכעל). אַ קראַנקע נשמה... ווי מאַכט מען זי געזונד?

די חבר'טע: דו האָסט דיך פֿונ'ם לעבען אָבגעווענדט.

די טאָכטער: איך?... מיך אַליין?...

די חבר'טע: דו האָסט דיך פֿונ'ם לעבען דערווייטערט.

די טאָכטער: אַליין?... און אפשר האָב איך געמוזט!... נישט אבהענגיג פֿון מיין ווילען...

די חבר'טע: דו אַליין אָבער וויכסט דאָס לעבען.

די טאָכטער: ווייל איך מוז, איך מוז... דאס איז אַ מוז אין מיר... זאָל איך מיט אַלע כוחות מלחמה פֿיהרען מיט מיר אַליין, איך מוז מיך אונטערגעבען אין איך פֿאַל אַ בעזיעגטע. איך שרעק צום לעבען ברייט אוים די אָרעם, נאָר דאָס לעבען שטויסט מיך צוריק, ווי עס וואָלט מיך נישט געדאַרפֿט...

די חבר'טע: דו רעדסט דיר איין.

די טאָכטער: וויאַזוי זאָל איך מיר אויסרעדען, זאָג מיר, וויין מיר, ווי קען מען אונטערדריקען די געדאַנקען, ווי קען מען לאָזען פֿערשווינדען אַ געפֿיהל, וואס פיינינט אַזוי און עס דערוועקט זיך יעדעסמאָל מיט פֿרישען געשטאַרקטען כוח?!

די חבר'טע: מען קלערט ווייניגער נאָך...

די טאָכטער: איך וועל גאָרנישט נאָכקלערען... אָט האָב איך מיך ארויסגעריסען פֿון דער שטוב און געלאָפֿען אין שטאָדט. געוואָלט זיך בערוישען מיט'ן רעש פֿון דער לעבעדיגער, לאַכענדיגער וועלט און איך האָב אַלעס געטראָפֿען קאַלט. קאַלט פֿאַר מיר... אין דער שטוב איז מיר צו ענג געווען און אין דרויסען אָבשטויסענדיג קאַלט... ווי עפּעס וואָלט מיר נאָכגעיאָגט און אָהן רחמנות מיך פֿערפֿאָלגט... עפּעס דרוקט מיך אַ געפֿיהל, איך ווייס נישט, עפּעס האָב איך מורא... (נאָך אַ רגע שווייגען מיט אַ שטילער קול). געכטען ביי נאַכט האב איך נישט געקאָנט אַנטשלאָפֿען ווערען. עפּעס האָט מיך פּלוצים אַ מורא דאָרכגענומען און איך בין אַראָב

◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆

פֿון בעט, אָנגעצינדען דעם לאָמפּ און אַזוי געזעסען די גאַנצע נאַכט ביז ס'האָט אָנגעהויבען צו טאָגען.

די חבר'טע! דו טאָרסט דאָס נישט טהון!

די טאָכטער: און היינט וואָלט איך ווי געוואָלט אַנטלויפען פֿאַר מיר אַליין. עפּעס שרעקט מיך און עס דאַכט זיך מיר, אַז אַלעס ארום מיר זעהט עפּעס און ווייסט עפּעס, נאָר איך נישט און קיינער וויל מיר נישט זאָגען וואָס... איך האָב היינט גערעדט מיט מיין מאַמע, מיט דער אייגענער מאַמע און איך האָב נישט געקאָנט פֿערטראָגען איהר קוק... זי האָט מיר אַ קוש געטהון אין שטערן און דער קוש האָט ווי געברענט... עפּעס ווי זי וואָלט אויף מיר רחמנות געהאַט... פֿאַרוואָס?... פֿאַרוואָס היינט מעהר, ווי נעכטען, פֿאַרוואָס?...

די חבר'טע: (נאָך אַ רגע שווייגען) ניין, מיין ליעבע, דו מוזסט דאָס אַלעס פֿון דיר פֿערטרייבען, פֿעריאָגען, דו מוזסט, דו מוזסט עס! דו טאָרסט דאָס נישט מיטברענגען אין דיין נייעם לעבען, וואס וואַרט אויף דיר... דו ביסט אַזוי היים געליעבט. דו מוזסט רוה און גליק אין די אָרעם פֿון דיין געליעבטען געפֿינען; דו טאָרסט נישט אַ שאָטען פֿון דיינע איצטיגע געדאנקען אין אייער צוזאַמענלעבען אַריינברענגען...

די טאָכטער: (פֿאַר זיך) מיין געליעבטער... מיין איינציגער... מיין טרייסט... יאָ, דאס איינע —

(עס מאַכט זיך לייכט אויף די זייטענטהיר און עס קומט אַריין די מוטער. שטומע בעגריסונג. אַ לאַנגע רגע שווייגען אַלע).

די מוטער: דו ביסט שוין לאַנג דאָ?

די טאָכטער: ערשט נישט לאַנג, מאַמע.

די מוטער: איך בין געווען דאָ פֿריהער, האב איך דיך נישט געטראָפֿען.

די טאָכטער! דו ביסט געווען דאָ?...

די מוטער: אַזוי אַ קוק געטהון אין דיין שטוב.

(אַ לאַנג, דריקענד שווייגען).

די מוטער: (נישט קענענדיג פֿערטראָגען דאס שווייגען און נישט געפֿינענדיג קיין ווערטער, געהט צו צום אָפֿענעם פֿענסטער און קוקט אַרויס). שוין דורך דער טאָג. עס וועט זיין אַ פֿינסטערע נאַכט.

די טאָכטער: יאָ, פֿינסטער.

די מוטער: דער הימעל פֿול כמאַרעס.

די טאָכטער: עס הענגט אַ שטורם אין די לופֿטען.

די מוטער: (דרייהט זיך, ווי נישט ווילענדיג, אויס פון דעם פענסטער און ווארפט א קוק אויף דער טאָכטער).

(ווידער א רגע פיינליך שווייגען).

די מוטער: איך צינד אָן דעם לאָמפּ.

די טאָכטער: ווארט נור, מאמע, איך אַליין.

די מוטער: (געהט פּאַוואָלי און שווייגענדיג אַרויס פון דער שטוב, בעגלייט פון דער טאָכטערס קוק, ביז די טהיר האָט זיך הינטער איהם צוגעמאַכט).

די חבר׳טע: צינד אָן דעם לאָמפּ.

די טאָכטער: (נאָך אויף איהר אָרט, פערקוקט אויף דער טהיר, דורך וועלכער די מוטער איז אַרויסגעגאַנגען, שווייגט).

די חבר׳טע: מאַך ליכט!

די טאָכטער: (מיט א לייכטען שמייכעל). דו האָסט מורא, דו?...

די חבר׳טע: מורא... נאָר ס׳איז שוין צייט...

די טאָכטער: זעהסט, ביי מיר זענען דאָ מינוטען, ווען איך קען נישט פערטראָגען די טונקעל; איך שרעק מיך פאַר דער שווייגענדיגער פינסטערניש... און אַמאָל ווידער, כאָטש אַ שטילע מורא בעקלעמט מיר דאָס הארץ, האָב איך ליעב, ליעב זיך צו שרעקען אין דערזעלבער פינסטערניש, פאַר וועלכער איך וואָלט אַ׳ן אַנדערט מאָל אַנטלאָפען. מיר דאַכט זיך דעמאָלט, אַז ווייל ס׳איז פינסטער, זעה איך עפּעס אַלעס רייינער, עפּעס קלאָרער קומט פאַר מיינע אויגען דאָס אַלעס, וואָס בעדריקט מיך; און דאָס ליכט צעשטרייט די קלאָרהייט גיכער, עס בלייבט עפעס ווי אַ פוסטע בת קול, וואָס איז אַמאָל נאָך אַרגער ווי יענער שרעק... (זי געהט צו צום פענסטער, שווייגט אַ רגע, דערנאָך ווי צו זיך אַליין:) פינסטער, כמאַרנע, שטורמיג... (צוריק אויסדרייהענדיג זיך צו דער שטוב). ד׳האָסט געזעהן מיין מאַמע?

די חבר׳טע: (קוקט זי פרעגענדיג אָן).

די טאָכטער: האָסטו נישט געהאַט דאָס געפיהל, אַז זי האָט מיר עפּעס געהאַט צו זאָגען? עפּעס, איך וויים נישט וואָס, נאָר זי האָט ווי קיין ווערטער נישט געקאָנט געפינען, נישט געוואוסט, ווי מען הייבט אָן...

די חבר׳טע: איך האָב אייך געשטערט?

די טאָכטער: ניין, נישט —

די חבר׳טע: אפשר יאָ? ווען איך וויים —

די טאָכטער: ניין, ניין, ס׳איז בעסער אַזוי...

די חבר׳טע: וואָס מיינסטו?

די טאָכטער: ס׳איז בעסער אַזוי... איך וויל נישט, איך קען היינט נישט...

די חבר׳טע: דיין מאַמע?...

די טאָכטער: יאָ, מיין מאמע... איך ווייס נישט וואָס, איך קען עפּעס היינט נישט פֿערטראָגן איהר קוק... עפּעס קלינגט מיר אַזוי מאָדנע דער נגון פֿון איהר קול... עפּעס ווי צו ווייך... איך ווייס נישט, וואָס... (שטילער) איך האָב מורא...

די חבר'טע: דיין מאַמע?...

די טאָכטער: מיין מאַמע האָט מיך ליעב, איך ווייס, זעהר ליעב, זי וואָלט מיך געוואָלט זעהן זעהר גליקליך און איבערדעם האָב איך פֿאַר איהר היינט עפּעס מורא... אַז זי איז דאָ ביי מיר אין דער פֿריה געווען, האָט זי מיר אויסגעוויזען, אַז זי איז צערטליכער, ווי תמיד, דאָס שרעקט מיך...

די חבר'טע: דאָס שרעקט דיך?

די טאָכטער: יאָ, איך האָב מורא דאַפֿאַר.

די חבר'טע: די צערטליכקייט פֿון אַ מאַמען דאַרף שרעקען אַ טאָכטער? מיינסטו, אַז זי —

די טאָכטער: אַך, דו פֿערשטעהסט נישט!

די חבר'טע: דיין מאַמע האָט דאָ מיך געטראָפֿען, האָט זי זיך צוריקגעהאַל־טען, זי האָט אַודאי געוואָלט רעדען מיט דיר פֿון דיין גליק, דיין ליעבע, וואָס —

די טאָכטער: מיין גליק... מיין ליעבע...

(עס יאָגט אַריין אַ שטאַרקער ווינד דורך דעם אָפֿענעם פֿענסטער, שלאָגט זיך אָב פֿון די שטובווענד און פֿליהט וואָיענדיג צוריק אַרויס.)

די חבר'טע: פֿערמאַך דאס פֿענסטער! אַ ווינד!

די טאָכטער: (נישט הערענדיג אויף איהרע רייד, נאָכגעהענדיג איהרע אייגענע געדאַנקען.) מיין ליעבע... יאָ, דאָס איז דאָס איינציגע ליכט, צו וועלכען איך הייב די אויגען, אַזוי, אין די אָרעמס פֿון מיין געליעבטען, אין אַלעמען פֿערגעסען, אין זיינע שטאַרקע אָרעמס, פֿון איהם אַרומגענומען, צוגעטוליעט...

די חבר'טע: וואָס'זשע פּייניגסטו דיך מיט אַנדערע געדאַנקען?

די טאָכטער: אַך, מיין ליעבסטע!... (זי נעהמט אַרום די חבר'טע און בע־האַלט דעם קאָפּ אויף איהר ברוסט.)

די חבר'טע: וואָס איז מיט דיר? (זי גלעט איהר צערטליך די האָר.)

די טאָכטער: איך ווייס נישט, איך ווייס אַליין נישט...

די חבר'טע: דיין טאַטע איז דאָך שוין נישט דאַגעגען, ער האט דאָך געכטען שוין —

די טאָכטער: אַך ניין! מיין טאטע, דאס האט מיך קיינמאָל נישט געפּלאָגט, נישט געשראָקען, איך האָב געוואוסט, נאָר — (זי פֿערבארגט ווידער איהר פּנים אויף דער חבר'טעס ברוסט.)

די חבר'טע: וואָס איז דיר?



די טאָכטער: איך האָב מורא, איך האב מורא עס איבער די ליפּען צו ברענגען... ניין, ניין, ס'איז שרעקליך!... (פּויזע.) דו ווייסט, (זי רעדט מיט א דער־שטיקט קול.) איך האָב איהם אַזוי ליעב, אַזוי שטאַרק ליעב, ער איז מיינער, מ י י נ ע ר איז ער! און דערפּאַר, יאָ דערפּאַר... ווייל איך האָב, וואס... וואס מעהר איך האָב און וואס טהייערער ס'איז מיר, וואָס איך האָב, איז גרעסער מיין שרעק... איך קען דאָך... איך האָב דאָך איצט מעהר וואס צו פּערליערען...

די חברט'ע: דו גלייבסט איהם נישט? דו האָסט מורא —

די טאָכטער: אָך ניין, דו פערשטעהסט מיך נישט, איך אַליין פערשטעה מיך אויך נישט!... היינט, היינט האָבען זיך אַזוי אַלע מיינע פינסטערע געדאַנקען צוזאַמענגענומען, עס דרוקט מיך אַזוי, ווי עפּעס שווער'ס וואָלט איבער מיר געהאָנ־גען, וואס קען אַ יעדע רגע אויף מיר אַראָב און אַנידערשלאָגען דאס טהייערסטע, וואס איך האָב, מיך אויך אינאיינעם... עפּעס, דאַכט זיך מיר, זעה איך וואס, נאָר איך קען עס נישט, איך האָב עס מורא אָנצורופען...

(עס מאַכט זיך ווידער לייכט אויף די טהיר. די טאָכטער כאַפּט זיך אויף ווי דערשראָקען. עס קומט אַריין די מוטער מיט אַ ליכט אין דער האַנד.)

די מוטער: (אַנידערשטעלענדיג דאָס ליכט אויף דעם טיש.) פאַרוואָס איז נאָך דער לאָמפּ נישט אָנגעצינדען?

די טאָכטער: (שווייגט, נאָר זי לאָזט נישט אַראָב דאָס אויג פון דער מוטער.)

די חבר'טע: (הייבט זיך אויף און מאַכט זיך גרייט צום געהן.)

די טאָכטער: (צו דער חבר'טע.) פאַרוואָס שוין?

די חבר'טע: (שטרעקט איהר שווייגענדיג אויס די האנד צום געזעגענען.)

די טאָכטער: בלייב נאָך!

די חברט'ע: מאָרגען קום איך ווידער.

די טאָכטער: היינט, היינט, בלייב נאָך!

די חבר'טע: איך קען נישט מעהר...

די טאָכטער: בלייב דאָך, איך בעט דיך, איצט, כאָטש אַביסעל נאָך...

די חבר'טע: (שטרעקט איהר ווידער אויס שווייגענדיג די האנד.)

די טאָכטער: (געזעגענט זי שווייגענדיג.)

די חבר'טע: (געהט אַרויס).

(עס בלייבען די מוטער מיט דער טאָכטער אַליין. ביידע שווייגען לאַנג. די מוטער, זיצענדיג ביים טיש פערקוקט אויף דעם פלאַם פונ'ם ליכט, די טאָכטער ביים פענסטער, פערקוקט אויף דער מוטער, גלייך זי וואָלט געוואָלט פון איהר פנים, פון א יעדער קליינסטער מינע איהרער עפּעס אַרויסלעזען. — עס בלאָזט אַ ווינ־טעל, דער פלאַם פונ'ם ליכט ציטערט.)



די מוטער: געה אַוועק פֿונ'ם פֿענסטער. עס בלאָזט אַ קיהלער ווינד.

די טאָכטער: (געהט שווייגענדיג אַוועק פֿון דעם פֿענסטער און זעצט זיך אויף דער אָטאָמאַן אנטקעגען דער מוטער.)

די מוטער: מען קען פֿערמאַכען דאס פֿענסטער. ס'איז שטורמיג דרויסען, עס ווערט קיהל.

די טאָכטער: ד אָ איז דאָך דושנע...

די מוטער: (וואַרפֿט אַ פּריפֿענדיגען קוק אויף דער טאָכטער. אַ רגע קוקען זיך ביידע שווייגענדיג גלייך אין די אויגען. זי לאָזט די ערשטע אראב דעם קאָפּ, נישט קענענדיג אויסהאַלטען דער טאָכטערס קוק, איהר אויג טרעהרט).

די טאָכטער: (געהט זיך מיט דער האנד איבער דעם שטערן, ווי ס'וואָלט איהר הייסער געוואָרען. נאָך אַ רגע) מאַמע!

די מוטער: קינד! וואס איז —

די טאָכטער: וואס זענען דיר פֿייכט די אויגען?

די מוטער: עס דאכט זיך, קינד. — דאס ליכט אין אַ פֿינסטערער שטוב... (זי הייבט זיך אויף פֿון איהר אָרט און זעצט זיך נעבען דער טאָכטער אויף דער אָטאָמאַן, זי נעהמט אַרום דער טאָכטער'ס קאָפּ, טוליעט צו'ן איהר ברוסט און פּיעשטשעט זי.) קינד מיינס!...

די טאָכטער: (קוקט אויף איהר מיט בעטענדיגע אויגען.) מאַמע!...

(ביידע שווייגען).

די טאָכטער: וואס איז דיר, מאַמע?

די מוטער: איך וואָלט געוואָלט, ס'זאָל פֿון דיין פּנים פֿערשווינדען דער טרויער אויף אייביג; נאָר גליקליך, גאר גליקליך וואָלט איך געוואָלט דיך זעהן. דאס איז דאס איינציגע, וואס איך ווינש מיר...

די טאָכטער: מאַמע מייגע!

די מוטער: (דרוקט זי שטאַרק צו זיך.) קינד מיינס!...

די טאָכטער: איך וועל דאָך גליקליך זיין, מאמע; קען דען אמת'ע ליעבע קיין גליק נישט געבען?

די מוטער: (שווייגט).

די טאכטער: אז מען איז אַזוי געליעבט ווי איך און מען האט אזוי שטאַרק ליעב, איז דאס דען נישט שעהן?

די מוטער: (שווייגט ווייטער. זי כוח'עט זיך, נישט אויסצוברעכען אין אַ געוויין.)

(די טאָכטער: זאָל איך דען נישט גלייבען אין זיין ליעבע און אין דעם

◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆

גליק, וואָס זי קען מיר געבען? איאָ, מאַמע, דאס לעבען איז נישט אַזוי פֿינסטער, ווי מען מאָלט עס זיך אַמאָל?...

די מוטער: קינד מיין איינציג׳ס! (זי בעדעקט איהר פּנים מיט הייסע קוש.)

די טאָכטער: ווי היים זענען דיינע קוש, היינט, מאַמע!...

די מוטער: איך האָב דיך אַזוי ליעב, טאָכטער.

די טאָכטער: היינט מעהר, ווי תמיד, מאַמע?

די מוטער: תמיד, תמיד...

די טאָכטער: דו האָסט מיך נאָך קיינמאָל אַזוי היים נישט געקושט...

די מוטער: (זי קען קוים איינהאַלטען דאָס אויסברעכען פֿון טרעהרען). קינד!

די טאָכטער: קיינמאל נאך אַזוי היים מיך נישט געקושט, מאַמע, דו האָסט דאָך מיך תמיד גלייך ליעב...

(אַ לאַנגע רגע שווייגען. דאָס ליכט ציטערט און דראָהט זיך צו פֿערלעשען. עס שטילט זיך באַלד ווידער.)

די מוטער: דו ביסט אַזוי בלאַס היינט, קינד!

די טאָכטער: מאַמע, דו האָסט מיך אַזוי ליעב!...

די מוטער: מיין איינציג קינד!

די טאָכטער: עס בענקט זיך אַזוי עפּעס...

די מוטער: דו בענקסט?...

די טאָכטער: ווי זעהר מאַמע! נאך גליק! צום לעבען! צו׳ן איהם!... (שטי־לע ר). און איך האב עפּעס אַזוי מורא...

די מוטער: דו בענקסט נאך איהם אַזוי שטאַרק, קינד?...

די טאָכטער: נאך איהם, יאָ, נאָך איהם...

די מוטער: קינד! מיין איינציג, טהייער קינד! (זי בעדעקט ווידער איהר פּנים מיט הייסע קוש).

די מוטער: פֿאַר דיין גליק וואלט איך גערן מיין לעבען געגעבען...

די טאָכטער: דו ביסט מיר אַזוי גוט, מאַמע! דו האסט דאך אויך דעם טאַ־טע בעוואויגען...

די מוטער: האָסטו אויך ליעב דיין מאַמע, איז דיר די מאַמע אויך אַזוי טהייער?...

די טאָכטער: מאמע!

די מוטער: און ווען די בעקומסט נישט ליעב איהם, וואלט דיר געווען עפּעס טהייערער, ווי דיין מאַמע?...

די טאָכטער: מיין טהייערע, האַרציגע מאַמע!

◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆◆

די מוטער: וואלט איך דיר נישט געקאָנט געבען אַלעס, וואָלסטו אין מיין שוים נישט געפינען קיין רוה?...

די טאָכטער: (קוקט פערחידוש'ט און דערשראקען אויף דער מוטער).

די מוטער: לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז דו האסט זיך מיט איהם קיינמאל נישט בעקענט. וואלט איך —

די טאָכטער: (דערשראקען), מאַמע!...

די מוטער: (צוזאַמענגעהמענדיג אַלע כוחות). לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז דו האסט נישט ליעב געהאַט...

די טאָכטער: (ווי פריהער). וואס מיינסטו?!...

די מוטער: (מיט די לעצטע כוחות). לאָז זיך דיר דאַכטען, אַז ער איז נישטאָ אויף דער וועלט. (די כוחות פערלאָזען זי). אַז ער איז... אַז ער האט...

די טאָכטער: (שפרינגט אויף דערשראקען, מיט אַ האַרצרייסענדיגען קול). מאַ—אַ—מע! מאַ—אַ—מע! וואס האָסטו געזאגט?! וואס איז?!... איז אפשר?... ער! ער!..

די מוטער: (לאָזט אַראב דעם קאָפּ צו דער ערד).

די טאָכטער: מאַמע! זאג מיר, זאג שוין אַלעס, אַלעס! ער. —

די מוטער: (נעהמט זי אַרום און טוליעט צו'ן איהר ברוסט). קינד מיינס! האַרציג קינד, אומגליקליך קינד מיינס!...

די טאָכטער: (צעוויינט זיך הויך אויף דער מוטערס ברוסט).

(אַ שטאַרקער ווינד פאַלט אריין וואָיענדיג אין שטוב. דאָס ליכט פערלעשט זיך).





# אינהאלט:

## זומערנעכט:

זייטע



## פֿון דער יודישער גאס:





